משה זאַלצמאַן

# די גרויסע ענדערונג אין
# יידישן לעבן אין פראַנקרייך

משה זאלצמאן

# די גרויסע ענדערונג אין יידישן לעבן אין פראנקרייך

(פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה ביז 1980)




פאַרלאַג „ישׂראל־בוך״
הילפספאָנד פאַר ייִדיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ״ב — 1981

# משה זלצמן

## התמורה הגדולה בחיים היהודיים בצרפת

(ממלחמת ששת הימים עד שנת 1980)

MOSHE ZALCMAN

## THE BIG CHANGE IN THE LIFE OF THE JEWS IN FRANCE

(From the six days War to the year 1980)

**דאָס בוך דערשיינט מיט דער מיטהילף פון דער געזעל־
שאַפט „פאַרייניקטע קינדער פון לובלין" אין פראַנקרייך;
פון מיינע ליבע שוואָגערס פנחס און לעאָן דייטש און
פון דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן טוער חיים קערבער.**





**Printed in Israel, 1981 — נדפס בישראל, תשמ"ב**

דפוס „אורלי" — פרידמאַן, תל־אביב, רח' עקיבא איגר 8



M. Milberger
25.6.80

מיין גוטן פריינד משה זאַלצמאַן —
מיט האַרציקייט און ברכה.

**מיכאל מילבערגער.**

מיין ליבער,
לאַנג-לאַנג ליידנדער
לעבנס-באַגלייטעריז
פּאָלע זאַלצמאַן.

# אינהאַלט

## פאָרוואָרט

ווען אַ יונגער סטודענט וועט וועלן האָבן אַן אַנונג פונעם יידישן לעבן אין פראַנקרייך אין די לעצטע 30—20 יאָר, האָט ער אַ ברירה צו לייענען צייטונגען און זיך דורכריידן מיט עדות. די דערפאַרונג לערנט אָבער, אַז די צייטונגען (היינט — אויך ראַדיאָ און טעלעוויזיע) און די עדות ברענגען בלויז איינזייטיקע, אָדער טיילווייזע בילדער פון דער תקופה.

דאַרף מען זיך טאַקע ווינטשן, אַז יונגע פאָרשער זאָלן זיך נעמען ערנסט צו דער אַרבעט און פאַרפולקאָמען דעם באַקאַנטן עסיי פון טראגיש געשטאָרבענעם וולאַדימיר ראַבי, אַ יוריסט, וואָס איז געוואָרן דער כראָניקער פון פראַנצויזישן יידנטום — אַ כראָניקער, וואָס האָט אויך געקאָנט קריטיקירן און משפטן.

אַוודאי קאָן מען געפונען אַ בכבודיקע צאָל ביכער מיט זכרונות, וואָס זענען אַן אמתער אוצר פאַרן נייעם דור פאָרשער, ווי דאָס בוך פון משה זאַלצמאַן „...און מען האָט מיך רעהאַ־ביליטירט", וואָס איז דערשינען אין יידיש, עברית און פראַנ־צויזיש. ער אָבער האָט באַשלאָסן נישט לאָזן רוען זיין פעדער און זיך אַ נעם געטון צו אונדזער קליין, נאָר דינאַמיש יידיש וועלטל, אין וועלכן ער שפּילט אַן אַקטיווע ראָל, ווי דער אָנגעזעענער עסקן פון די „פריינד פון מפ"ם" אין פראַנקרייך.

אין איצטיקן בוך שטעלט ער זיך לענגער אָפּ אויף דער אַנטוויקלונג פון יידישן פּראָגרעסיוון לאַגער און די טיפע ענדע־רונגען, וועלכע האָבן דערפירט פיל געוועזענע קאָמוניסטן צו דערנענטערן זיך צום לינקן, ציוניסטישן פליגל. ער באַשרייבט די אַנטוויקלונג פון אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַ נייעם אָטעם, אַ נייע האָפענונג אין די פינצטערע טעג פון סטאַלינס וואַקכאַנאַליע. ער דערציילט וועגן דער טעטיקייט פון קרייז „בערנאַר לאַזאַר" און די מיט אים פאַרבינדעטע גרופּן.

אפשר האָבן די גרינדערס פון „צערקל בערנאַר לאַזאַר" זיך צופיל פאַרלאָזט אויפן זכרון. זיי האָבן טאַקע אַרויסגעריסן פון פאַרגעסונג דעם נאָמען בערנאַר לאַזאַר, אָבער נישט געזאָרגט

גענוג, אַז מ׳זאָל וויסן ווער איז געווען דער מוטיקער פובליציסט, האַלב־אַנאַרכיסט, האַלב־ציוניסט, וואָס האָט אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר רעהאַביליטאַציע פון אומשולדיק־פאַרמשפּטן דרייפוס.

האָט טאַקע דער „צערקל בערנאַר לאַזאַר" זיך באַמיט נאָכ־צוטאָן דעם ביישפּיל פון גרויסן פראַנצויזישן ייד. מען האָט זיך אַנטקעגן געשטעלט די חוצפּהדיקע נאַציס, ווי אַנטקעגן דעם אַוואַנטוריסט פּוזשאַד; מען האָט זיך סאָלידאַריזירט מיטן סאָוועטישן יידנטום און מיט מדינת ישראל.

און צווישנצייט האָט דאָס פראַנצויזישע יידנטום אַ סך זיך געענדערט. אַ נייער דור האָט איבערגענומען די ירושה פון פריערדיקן, מיט אפשר אַן אַנדערן בליק, אַן אַנדערע שפּראַך — נאָר מיטן זעלבן געפיל, אָנגעזאַפּט מיט טויזנטער יאָרן געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

יידישע קוואַרטאַלן פון פּאַריז האָבן געביטן זייער אויסזען. אויפן „פּלעצל" און אויפן „בעלוויל" הערט מען היינט מער אַראַבישע ניגונים, ווי אונדזערע אַלטע יידישע לידער (הגם מען אינטערעסירט זיך ווידער מיט יידיש — איר שפּראַך, ליטעראַטור, קולטור). אָבער דאָס וואָס ס׳האָט דאָ אויפגעטאָן דאָס איינ־געוואַנדערטע יידנטום — האָט אַ גרויסע באַדייטונג.

די פּאָרגעלייגטע דערציילונג פון משה זאַלצמאַן, ווי די ראָמאַנען פון לעצטנס פאַרשטאָרבענעם שרייבער בנימין שלעווין, גיבן אַ טריי בילד פון דעם וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין דער לעצטער תקופה, זייט דער זעקס־טאָגיקער מלחמה.

אָבער משה זאַלצמאַן איז נישט סתם אַ צושויער, אַן עדות, וואָס דערציילט וואָס ער האָט געזען. ער איז אויך אַ טוער, אַ „מיליטאַנט", וועלכער רייסט מיט אַנדערע מיט זיין יוגנט־ברען און איבערגעגעבנקייט. דערפאַר איז זיין אַרבעט פון אַ באַזונדערער וויכטיקייט.

מיט זיין נייעם בוך, ברענגט ער צו די יידן פון ישראל, אַמעריקע און אַנדערע לענדער, אַ לעבעדיקן גרוס פון באַנייטן פראַנצויזישן יידישן ישוב.

פּאַריז, נאָוועמבער 1981 **ה. בולאַווקאַ**

„ביים תהום פון טאָג,
ווען אלע טעג ווערן אַמאָלן״...
אריה שמרי.

## אַ וויכטיקער עפּיזאָד

די אַנטשטייונג פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אָרגאַניזאַציע אין פּאַריז, איז געווען נישט מער ווי אַן עפּיזאָד — אָבער אַ וויכטיקער עפּיזאָד אין יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן און געלאָזן שפּורן אין היגן ישוב אין די יאָרן 1967—68 און שפּעטער. די הויפּט-סיבה פונעם געבורט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען: דער פּרוּוו צונויפצוזאמלען צענדליקער און הונדערטער יידן, וואָס האָבן אין יענע יאָרן זיך אנטוישט אין דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, אין סאָוועטישן רעזשים, און דער עיקר — צוליב דער פיינטלעכער באציונג פון מאָסקווע צו מדינת ישראל, האָבן זיי איבערגעריסן, ווער טיילווייז, ווער אין גאנצן, מיטן יידיש-קאָמוניסטישן „אוּניאָן״ אין פּאַריז און מיט זיינע ביי-אָרגאַניזאַציעס, אויפגעהערט אַבאָנירן און לייענען „די נייע פּרעסע״. ס'איז פאַר זיי געקומען דער מאָמענט ארויסצורייסן זיך פון דער אינדיפערענץ צום יידישן נאַציאָנאלן קולטור-לעבן און קריטיקירן מיט דער גאַנצער אָפנקייט, אָן היסטעריע, נאָר גיכער מיט באַדויערן און ווייטיק; גובר זיין, באַפרייען זיך פון די כלומרשט אומאָפּפרעגבאַרע דאָגמעס, פון בלינדן גלויבן, ווי נאָכגייערס און נאָכזאָגערס; איבערשאַצן אלע ווערטן, ווי ס'האָט געשריבן דער גרויסער רוסישער שרייבער און מענטש מאַקסים גאָרקי, אין זיין בוך „קולטור און רעוואָלוציע״:

„פון קדמונים אָן קעמפן צווישן זיך צוויי עלעמענטן, דאָס פינצטערע און דאָס ליכטיקע. דאָס פינצטערע דאָס איז די דאָגמע, די איינבילדונג; דאָס ליכטיקע איז די פרייע קריטיק פון דערשיינונגען פון לעבן, די קריטיק און די שטרענגע פאָרשונג״.

לויט דעם מעטאָד — דערלערנען און דערקענען די 50-יאָריקע קאָמוניסטישע הערשאַפט-סיסטעם און פּראַקטיק פון גרויסן ראַטןפאַרבאַנד און דווקא נישט שטיצן זיך אויף די קעגנער פון קאָמוניזם בכלל, נאָר אויף אַזעלכע וואָס האָבן אַליין דערלערנט און

געפּאָרשט דאָס פּראַקטישע לעבן, און האָבן, ווי מיר, געגלויבט און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אָט ווי עס שאַצט אָפּ דעם סאָוועטישן רעזשים אַ קאָמוניסט פון אַזאַ פאַרנעם ווי וואַרגאַ, פינאַנס־מיניסטער אין דער בעלאַ קון רע־גירונג אין אונגאַרן אין 1919, באַרימטער עקאָנאָמיסט פון קאָמינ־טערן, (וואָס פון זיינע טעאָריעס האָבן מיר כסדר געלערנט), אין זיין פּאָליטישער צוואה פאַרן טויט, דערשינען אין 1964 אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, מיט אַ פאָרוואָרט פון קאָמוניסטישן פילאָזאָף ראָזשע גאַראַדי:

„די מאַטעריעלע און אידעאָלאָגישע פּרינציפּן פון אַ לאַנד באַשטימען די מאָראַל פון דער געזעלשאַפט. די עקאָנאָמישע באַציונגען, וואָס הערשן אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, באַגינסטיקן אירע מאָראַלישע האַנדלונגען. פון איין זייט — דאָס מאַטעריעלע רייכטום, דער קאָמפאָרט, פון וועלכן עס געניסט די ביוראָקראַטישע אַריסטאָקראַטיע פון דער פּאַרטיי, פּראָוואָצירן ביי די פּריווילעגירטע אַ געפיל פון העכער־קייט, גורל־אויסדערוויילטע, באַזונדער ביי די מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס. זיי שטויסן אַלץ מער צו מאַטעריעלע ווערטן, צו פאַרטאַכלעווען און פאַרכאַפּן מלוכה־אייגנטום, צו באַפרידיקן זייער ליידנשאַפט. דאָס דערפירט זיי אָפּט צו פאַרברעכן. פון דער אַנדערער זייט — די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון אַרבעטער אין שטאָט, און גאָר באַזונדערס פון דאָרפס־מענטש, פון פויער, אין אָפּט גורם צו גניבה, צוליב זייער נידעריקן לעבנס־ניוואָ. דאָס דערפירט זיי אויך צו אַ מאָראַלישער דעגענעראַציע, וואָס קומט צום אויסדרוק אין שיכּרות, געשלעגן. זיי שלאָגן אויך זייערע פרויען און קינדער, אָפּזאָגן פון דער אַרבעט, און גאַנץ אָפט — צו אַבסורדאַלע פאַרברעכנס. אויך דער מיטל־שיכט פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, וואָס פאַרדינען גענוג צו פאַרזיכערן זייערע משפּחות אַן אָנשטענדיק לעבן, זענען אין זייער מענטאַליטעט דאָס סאָוועטישע קליינבירגערטום. דער סטאַליניסטישער מאַ־סן־טעראָר, מיט די מיליאָנען קרבנות, וואַקסן אַרויס פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון דער סאָוועטישער געזעל־שאַפט.

...דער קאָמוניזם דאַרף קודם כל זיין אַ פולשטענדיקער טרי־אומף פון דעמאָקראַטישן און סאָציאַליסטישן גייסט, פון דער פרייער איניציאַטיוו פון די מאַסן, דורך זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די אַרבעטער אויף אַלע לעבנס־געביטן. אָן די דאָזיקע באַדינגונגען, איז דער רעזשים אַ פּאַראָדיע פון קאָמוניזם".

די סאַמע שרעקלעכסטע אויפטרייסלונג פאַר די יידישע קאָ-מוניסטן און סימפּאַטיקער איז געווען דער צוואָנציקסטער קאָנגרעס פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ראַטן-פאַר-באַנד, דאָס אויפדעקן די טראַגעדיע פון דערשטיקן די יידישע קולטור, דאָס אויסמאָרדן אונדזערע גרויסע וואָרט-שאַפער.

לויט אַ ביבליאָגראַפיע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוו״אָ) אין אַמעריקע, האָבן במשך דריי צענדליק יאָר פון דער סאָוועטיש-יידישער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, זיך באַטייליקט 800 פען-מענטשן. 38 שרייבערס זענען געפאַלן אויפן פראָנט. אַרום הונדערט זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן דערשיינען „סאָוועטיש היימלאנד״, האָבן זיך נאָך געפו-נען (לויט דער ניו-יאָרקער „מאָרגן-פרייהייט״) ביי אַ 70 לעבן-געבליבענע שרייבער. אַרום דרייסיק זענען דערשאָסן געוואָרן און אַ 600 פען-מענטשן, פּראָזאיקער, דיכטער, ליטעראַטור-פאָרשער און זשורנאַליסטן זענען אומגעקומען אין די שקלאַפן-לאַגערן.

אַזאַ איז דער פינצטערער סך-הכל פון דער בליענדיקער יידי-שער קולטור אין ראַט-פאַרבאַנד, ווי עס דריקט זיך אויס וועגן דער טראַגעדיע דער פּאָעט משה שולשטיין:

עס ריזלט פיבערדיק און הייס דורך מיינע חצותן, ווי ס׳וואָלט דאָס בלוט פון אייגן האַרץ געפלאָסן.
(„בלומען פון באַדויער״).

און דער שרייבער ב. שלעווין איז מודה:

„ס׳איז טרויעריק-אמת, מיר האָבן בלינד געגלויבט, בלינד גע-טרייסט זיך מיט פאַלשע האָפענונגען״.
(„די גאָלדענע אילוזיע״).

דער דראַמאַטורג און לאַנגיאָריקער קאָמוניסט ד״ר ח. סלאָוועס האָט, אין זיין רעפעראַט אויף אַ סימפּאָזיום פון יידישן וועלט-קאָנגרעס אין יאָר 1969 דערקלערט:

„פאַר נייע פראַגן, נישט געלייזטע, שטייט די נאַציאָנאַלע פראַגע בכלל, אין אַלע שאַרפערע און שאַרפערע פאָרמען. עס הייבט זיך אָן דער באַרג-אַראָפּ אַלץ ראַשיקער און ראַשיקער, ביז ס׳קומט די בלוטיקע קאַטאַסטראָפע, וואָס מיר האָבן אַלע אין זכרון. געשעענישן נעמען אָן אַן אומגלויבלעכן כאַראַקטער און וואַקסן ממש אויס אין אַ קאָשמאַר. דאָס לאַנד פון אָקטאָ-

בער, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פּראָקלאַ-מירט די גלייכבארעכטיקונג פון יידן ווי אַ פאָלק, און מיט דרייסיק יאָר שפּעטער אנערקענט די רעכט פון יידישן פאָלק אויף זיין היסטאָרישן היימלאַנד, דווקא דאָס לאַנד דרייט זיך אויס צו אונדז מיט שנאה און ברענט אונדזערע טריט".

און צו לעצט — דאָס וואָרט פון אַ טוער, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ 40-יאָריקן סטאַזש אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און לאַנגע יאָרן פּוילישע טורמעס, געוו. סעקרעטאַר פון צענטראַל-ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, לעקטאָר פון צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פאַראייניקטער פּוילישער אַרבעטער-פּאַרטיי, פּובליציסט און היסטאָריקער, זיגמונט קראַטקאָ (היינט אין ישראל):

„איך מוז פעסטשטעלן און מאַכן דעם טרויעריקן אויספיר, אַז מיין גאַנצע אידעאָלאָגיע האָט זיך הויפּטזעכלעך געשטיצט אויף גלויבן. אַ סך געלייענט, פיל געלערנט און אַליין געשריבן, אָבער דאָס האָט באַדאַרפט באַשטעטיקן דעם גלויבן אין דער ריכטיקייט פון דעם ראַטן-פאַרבאַנד, אַלס די איינציקע מעגלעכקייט צו בויען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. דערפאַר האָב איך אַלץ באַרעכטיקט, ווייל אַלץ איז דאָך בלומרשט לטובת דעם פאָלק. דעם בלינדן, ממש פאַנאַטישן גלויבן, קאָן מען פאַרגלייכן מיט „מאה שערים", אַ קאָמוניסטישער „מאה שערים".

## דער בלינדער גלויבן

דער בלינדער גלויבן האָט זיין אורשפּרונג אין דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער, פּאָליטישער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג — רדיפות, באַגרענעצטע בירגער-רעכט, אונטערדריקונג, פּאָגראָמען — די שטענדיקע באַגלייטערס פון תחום המושב אין צאַרישן רוסלאַנד. אין די מלחמה-יאָרן זענען יידן געוואָרן אינגאַנצן הפקר. דאָס עקאָנאָמישע לעבן איז געוואָרן צעטרייסלט. ביטערע נויט, הונגער האָבן געהערשט אין יידישע היימען. אין באַנייטן פּוילן, נאָך 1918, האָבן זיך נאָך מער פאַרשאַרפט די בלוטיקע אָנפאַלן און דער אַנטיסעמיטישער באָיקאָט קעגן יידישן האַנדל. צו דער אַנטי-יידישער פּראָפּאַגאַנדע איז צוגעקומען: ייד-באָלשעוויק, ייד-מאָסקאַל, ייד-טראָצקי. אין דער זעלבער צייט האָט די אָקטאָבער-

רעוואָלוציע צוגעזאָגט אַלע פרייהייטן און רעכטן פאַר יידן אויף אַרבעט, אויך אין מלוכה-אַמטן. די יידישע קולטור האָט באַקומען פולע אונטערשטיצונג פון דער מלוכה, צוגלייך מיט אַלע נאַציאָ-נאַלע קולטורן. און דער עיקר — די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מלוכה-פאַרברעכן.

דאָס אַלץ האָט אָנגעצונדן אין יידישע הערצער אַ משיחישן גלויבן. קודם כל — ביים אָרגאַניזירטן טייל פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. די פּאַרטיי פון די „פּאַראייניקטע" (אָדער ס. ס.) האָט זיך אויפגעלייזט, דער „בונד" האָט זיך געשפּאָלטן און גרויסע טיילן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער יונגער יידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. „בונד" און פּועלי-ציון האָבן געשיקט דעלעגאַציעס קיין מאָסקווע וועגן אָנשליסן זיך אין דריטן אינטער-נאַציאָנאַל. דער אַלטער שטרייט פון „בונד" מיט דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און מיט לענינען פון יאָר 1903 — האָט זיך באַנייט. דער גרויסער יידישער אַרבעטער-פּאַרטיי האָט מען אָפּגע-זאָגט דאָס רעכט אויף אָרגאַניזאַציאָנעלער אויטאָנאָמיע. דער באַ-דינג פאַר פּועלי-ציון איז געווען — אָפּזאָגן זיך פון ציון. די צוויי פּאַרטייען זענען זיך נישט פונאַנדערגעפאַלן, אָבער דאָך זענען פון זיי אָפּגעפאַלן לעבעדיקע שטיקער, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פאַר די איבערלויפערס האָט עס געהייסן: אַוועק פונעם קליי-נעם, באַשרענקטן, אָרעמען יידישן הינטערגעסל — צום ברייטן שליאַך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די אָפּגעשפּאָלטענע האָבן גלייך געבילדעט דעם רוקנביין, טעאָרעטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל, פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זייער אויסווירקונג האָט אַפילו דערגרייכט צום פּראָפּאַגאַנדע-אַפּאַראַט פון דער סאָוועטי-שער פּאַרטיי, ווי אויך אין די לענדער פון יידישער אימיגראַציע. דאָס פּאַרטיפן זיך פון עקאָנאָמישן קריזיס, די אָנוואַקסנדיקע געפאַר פון פאַשיזם און מלחמה אין די אייראָפּעישע לענדער, ווו ס'האָבן געלעבט מיליאָנען יידן, האָט געשאַפן אַ געפיל, אַז יידיש לעבן איז געוואָרן הפקר. די אַנטיסעמיטיש-כוליגאַנישע באַנדעס, פּראָטע-זשירט און אָרגאַניזירט פון די רעגירונגען, זענען געוואָרן חוצפּה-

דיקער, אָנגרייפּערישער, און גאָר באַזונדערס — נאָכן באַפּעסטיקן זיך פון היטלעריזם אין דײַטשלאַנד.

די יידישע יוגנט האָט זיך געריסן צו עמיגרירן, אָבער אַלע טויערן זענען געווען פאַרמאַכט. דער איינציקער ליכטיקער שטראַל פון האָפענונג איז געווען דער ראַטן-פאַרבאַנד; נישט נאָר ביי קאָמוניסטן, נאָר ביי אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַמבעסטן קאָן דאָס אילוסטרירן דער באַגייסטערטער אָפּרוף נאָכן פּראָקלאַמירן ביראָבידזשאַן ווי אַן אויטאָנאָמע יידישע געגנט. אַוודאי באַווייזן זיך דאָ און דאָרט שאָטן-סיגנאַלן, אָבער זיי זענען נישט מסוגל צו פאַרשטעלן די גרויסע האָפענונג און גלויבן אין דער פולשטענדיק נאָרמאַלער אַנטוויקלונג — עקאָנאָמיש און קולטורעל — פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַטן-פאַרבאַנד. אַפילו וויקטאָר אַלטער, דער מנהיג פון „בונד״, וועמען יידישע קאָמוניסטן האָבן פאַרשריגן אַלס שונא פון ראַטן-פאַרבאַנד (און איז דערפאַר, אומשולדיק, צוזאַמען מיטן אַנדערן בונדישן פירער הענריק ערליך, דערמאָרדעט געוואָרן פון די סטאַלין-הענקערס), שרייבט אין זיין בראָשור „צו דער יידן-פראַגע אין פוילן״, אין 1937:

„באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם קאָן מען נאָר דורכן שטירצן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג-סיסטעם. אויף מזרח, ווו די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג איז אָפּגעשאַפן געוואָרן, איז אויטאָמאַטיש אַוועקגעפאַלן דער ענין אַנטיסעמיטיזם״.

און דער העברעישער שרייבער ראובן בריינין דערקלערט אין זעלבן יאָר:

„איך, אַלס טרייער ציוניסט, זע נישט קיין קאָנפליקט, קיין ווידערשפּרוך, צווישן עכטן און ריינעם ציוניזם און צווישן ביראָבידזשאַניזם. דאָס יידנטום קאָן נאָר געווינען פון צוויי אויפגעבויטע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן. איינע אין ארץ-ישראל און די אַנדערע אין וויַיטן סיביר״.

פאַקטיש, האָט דער בלינדער, נאַיווער גלויבן נישט געשטיצט זיך אויף קיין שום רעאַליטעט. דאָס לאַנד איז געווען הערמעטיש פאַרמאַכט, די זעלטענע געסט, וואָס האָבן דאָרט באַזוכט, זענען געוואָרן „אָרקעסטרירט און דיריגירט״. נאָך דעם אומגעריכטן און

אומבאַגרייפלעכן סטאַלין-היטלער אָפּמאַך, ווען די נאַצישע האָר-דעס האָבן גלייך נאָכן אַריינמאַרשירן קיין פוילן, געזייעט טויט און פאַרוויסטונג צווישן דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג, איז אויף אַ ווײַלע צעטרייסלט געוואָרן דער גלויבן ביי אַ סך יידן. ווען אָבער אויך דער ראַטן-פאַרבאַנד איז באַפאַלן געוואָרן, האָט מען זיך באַמיט צו פאַרגעסן און פאַרגלעטן, און אַפילו באַרעכטיקן דעם שענדלעכן פאַקט. אין יאָר 1942 שרייבט דער לאַנגיאָריקער פועלי-ציוניסטישער מנהיג, זרבבל, אין זיין בוך „אין די טעג פון מלחמה און רעוואָלוציע״:

„דווקא דאָרטן, אין ראַטן-פאַרבאַנד, ווערט געזאָרגט פאַרן מענטש, פאַר זיין דערהויבונג, פאַר זיין אינערלעכער באַפרייונג. וואָס עס ווערט געבויט, איז אַ סך-הכל פאַר אים, ער זאָל געניסן דערפון, ער זאָל באַרייכערט ווערן גייסטיק אין זיין מענטשלעכן וועזן״.

און דער גרויסער יידישער שרייבער שלום אַש, אין אַ שמועס מיט נחמן מייזיל, דערקלערט:

„דאָס וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט אַרויסגעוויזן צו יידן אַזאַ טרייקייט, איז געוויס אַ פועל-יוצא פון דעם קלאָרן, באַשיינפערלעכן אָנטייל פון די יידן אין דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. נישט קיין געשענקטע פרייהייט איז געגעבן געוואָרן די יידן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד. יידן האָבן עס נישט געקריגן ווי אַ מתנה, נאָר זיי האָבן עס דערוואָרבן דורך זייער עקשנותדיקן קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע. דעריבער איז דאָרט נישט מעגלעך קיין אַנטיסעמיטיזם, קיין אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע איז נישט מעגלעך געווען, נישט דערפאַר ווייל ס׳איז באַקעמפט געוואָרן פון אויבן, נאָר דערפאַר, ווייל ס׳איז געווען אַזוי די באַציאונג צו די יידן פון די סאָוועטישע פעלקער״.

ערשט נאָך דער מלחמה, ווען קיין פראַנקרייך האָבן אָנגעהויבן קומען קליינע רעשטלעך פון אונדזער אויסגעמאָרדעט יידיש פאָלק, די שארית הפליטה, זענען צווישן זיי אויך געווען הונדערטער, וואָס אין די שרעקלעכע מלחמה-יאָרן, זענען זיי פאַרוואָרפן געוואָרן אין ווייטע געגנטן פון גרויסן ראַטן-פאַרבאַנד. זיי האָבן געאַרבעט אויף בויאונגען אין גרובנס און שאַכטעס, פאַבריקן, אין די שטעט און דערפער. אַ טייל זענען געווען מאָביליזירט אין די אַרבעט-באַטאַליאָנען. פיל פון זיי האָבן געקעמפט אין די רייען

פון דער ניי-געגרינדעטער פוילישער אַרמיי. אין דער צייט ווען דאָס לאַנד האָט געהונגערט, האָבן אין דעם זעלביקן פעריאָד אָן אויפהער געשטראָמט עשאַלאָנען מיט אגראר-פראָדוקטן, אינדוסט-ריעלע רוישטאָפן און מאשינען אין פאשיסטישן דייטשלאנד, ערב היטלערס אָנפאל אויפן ראטן-פארבאנד. און ווי נאָר די נאציִשע ארמייען זענען באפאלן דאָס לאנד, פארנומען די הויפט-שטאָט פון אוקראינע, קיעוו, איידער זיי האָבן באוויזן דאָרט איינצושטעלן זייער ציווילן אפאראט, האָבן די רוצחים געטריבן צום מאסן-קבר אין באַבי יאַר קנאפע הונדערט טויזנט יידן — און דאָס אַלץ מיט דער הילף פון זייערע אוקראינישע שכנים, וועלכע האָבן אויך אין אַנדערע שטעט געהאָלפן אומברענגען יידן.

דער גורל האָט געוואָלט, אז די מאסן יידן, וואָס זענען אין בהלה געלאָפן קיין ראטן-פארבאנד זיך ראטעווען פון היטלעריזם, זענען מערסטנס פארשיקט געוואָרן דורך די סאָוועטן אין די פאר-וואָרפענע ערטער פון אזיאטישן טייל רוסלאנד — אין קאזאַכסטאן, אוזבעקיסטאן, אוראל, אין צפונדיקן סיביר, אין קאָמי אַ.ס.ס.ר. זיי זענען געשיקט געוואָרן אהין, אין די ווייטע געגנטן, אָן שום צוגרייטונג, באזאָרגונג, און געליטן הונגער און קעלט. אפילו דארט, אין די געגנטן פון עוואקואציע, זענען געקומען די מלחמה-אינוואַ-לידן וואָס האָבן געשריגן, אז יידן ווילן זיך נישט שלאָגן, גייען נישט אויפן פראָנט. דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך אויך באוויזן אין די אָפיציעלע פארטייאישע און מלוכהשע אינסטאַנצן.

אין די ערשטע חדשים באַלד נאָך דער מלחמה, האָבן יידן זיך אומגעקערט פון די עוואקואציע-ערטער אין זייערע פריערדיקע היימען אין מינסק און אין אנדערע, אמאָל געדיכט באוווינטע יידישע שטעט. די צוריק געקומענע יידן פון די קרימער קאָלוניעס, האָט מען נישט געוואָלט צוריק געבן די ערד. וואָס איז פארכאפט געוואָרן פון זייערע שכנים. מ׳האָט זיי געטריבן קיין... ביראָבידזשאן. וואָס שייך דער יידישער פאָליטישער און קולטור-געזעלשאפטלעכקייט, איז זי נאָך פאר דער מלחמה געווען אין אַ צושטאנד פון ירידה. שוין אין יאָר 1930 איז ליקווידירט געוואָרן די יידישע סעקציע ביי דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אין יאָר 1935 איז שוין נישט געווען

קיין איין יידישע שול אין קיעוו. אין די יאָרן 1936—37 איז נאָך די גרויסע ארעסטן, פארמאכט געוואָרן דער יידישער וויסנשאפט-לעכער אינסטיטוט אין קיעוו און די צייטונג „עמעס״ אין מאָסקווע. עס זענען ארעסטירט געוואָרן די פראָפעסאָרן ליבערבערג, מאקס עריק, דער רעדאקטאָר משה ליטוואַקאָוו, אסתר פרומקין און פיל אנדערע. שוין דעמאָלט זענען מקויים געוואָרן די פינצטערע פּאָרויס-זאָגונגען פון געוועזענעם אָפיציר פון דער רויטער ארמיי, אין פעריאָד פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, דעם פּאָעט לייב פיינבערג:

עס פיינען פינצטערע רעיונות,
אַז זיגן וועט די רויטע מאַכט.
זי קאָן פארוואנדלען זיך אין אַ שונא
פון יעדן יידן איבער נאַכט.
איצט טראָגן זיי קונציק פריינדשאפט-מאַסקע,
און מאָרגן קאָן דער קאָמוניסט
די יידן טרעטן מיט די פיס.
זאָל בייטן זיך די קאָניונקטור,
פון ייד נישט בלייבן וועט קיין שפּור.

צענדליקער טויזנטער יידן האָבן העלדיש געקעמפט קעגן היט-לערישן שונא. די פּראָפּאָרץ פון אויסגעצייכנטע העלדן איז פיל-פאַכיק גרעסער, ווי דער פּראָצענט יידן, וואָס לעבן אין ראטן-פאַר-באַנד. אָבער דאָס האָט נישט געשטערט מען זאָל פארשפרייטן דעם אנטיסעמיטישן גיפט און חוזקן, אַז יידן האָבן זיך אויסבאהאַל-טן אין טאַשקענט. דער אמת איז, אַז דאָרט זענען עוואקואירט געוואָרן אלטע, קראנקע, פרויען און קינדער, אנטלאָפענע פון די פארנומענע געביטן, ווו די היטלעריסטן האָבן דערגרייכט, בעת די רוסן, ווייס-רוסן, אוקראַינער, זענען לרוב פאַרבליבן אויף די ערטער. גרויסע טיילן פון זיי האָבן מיטגעארבעט מיטן שונא, אפילו אויסגעגעבן די אויס-באַהאַלטענע יידן. אָבער צו דעקן זייער פחדנות, האָבן זיי גע-חוזקט, אַז „יידן האָבן געקעמפט אין טאשקענט״...

ווער פון די יידן, צוריק געקומענע קיין פראנקרייך, האָט צו יענער צייט געוואגט צו ווארפן דעם מינדעסטן שאָטן אויפן זיגרייכן ראטן-פארבאנד? אפילו קעגנערס פון די יידישע קאָמוניסטן, האָבן נישט געקאָנט באנעמען די טרויעריקע איבערלעבונגען אין פעריאָד פון זייער עוואקואציע אין ראטנפארבאנד, ווי ס'האָט געשילדערט

דער באקאנטער יידישער שרייבער משה גראָסמאַן אין זיין בוך „אין פארכּישופטן לאנד פון לעגענדארן דזשוגאַשווילי״. (דער מחבר פון די מאָנאָגראַפיעס וועגן קארל מארקס און ראָזא לוקסעמבורג). מ׳האָט געהאלטן, אז משה גראָסמאַן איז פארוואנדלט געווארן אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, צי אין אַ חסר־דיעה. מען האָט אים פארשריגן, פארפאָלגט.

## דער יידישער סעקטאָר אין פּאַריז

אין דער צייט איז דער קאָמוניסטישער סעקטאָר אין פּאריז, דער עיקר נאָך די יאָרן פון מלחמה און ווידערשטאנד, אויסגעוואקסן אין א וויכטיקן, געזעלשאפטלעכן כוח אויף דער יידישער גאַס. ער איז נאָך געווען שטארק פאר דער מלחמה, אין די יאָרן פון פאָלקס-פראָנט און געהאט זיין איינפלוס אויף דער יונגער פּאָליטישער עמיגראציע, וואָס האָט לעגאל און אומלעגאל געשטראָמט קיין פראנקרייך. דאָס זענען געווען יונגע, דינאמישע, געזעלשאפטלעכע טוערס, מיט פיל מוט, אינטעליגענץ, ענערגיע. די עקזיסטירנדיקע אָרגאניזיאציעס האָבן זיך פונאנדערגעבליט, צעוואקסן זיך אויך אידעאָלאָגיש, אין דער טיף. דער „אוניאָן״, וואָס האָט געצויגן זיין יניקה פון דער העלדישער ווידערשטאנד-באוועגונג, האָט נאָך דער באפרייאונג קאָנצענטרירט ארום זיך וויכטיקע קאדערן, טראָץ דעם גרויסן בלוט-אָפּפלוס. זיי האָבן באוויזן זיך צו קאָנסאָלידירן, אויס-ברייטערן די השפּעה. דער רום פון יידישן ווידערשטאנד, געפּ-פלט מיט דער גבורה און זיג פון ראטן-פארבאנד, האָט זיך באזונדערס אויסגעווירקט אויפן יידישן סעקטאָר, וואָס איז געוואָרן אַ באסטיאָן פון קאָמוניסטישן איינפלוס. ס׳איז אויסגעברייטערט גע-וואָרן די נעץ פון זייערע אינסטיטוציעס: טאָג-צייטונג, אַ ליטערא-רישער זשורנאל, אן אייגענע דרוקעריי, „אוניאָן״-סעקציעס אין אלע אראָנדיסמאַנען, מיט אייגענע לאָקאלן צו פירן פּאָליטישע און קולטור-טעטיקייטן, באזונדערע אָרגאניזאציעס און פאַריינען פון געוועזנע קאָמבאטאנטן, דעפּאָרטירטע, האנטווערקער, פּוילישע יידן

(געוועזענע פּאַטראָנאַטן פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן) און אנדערע.

די זעלבע אָרגאַניזאַטאָרן זענען אויך געווען דער לעבע-דיקער מאָטאָר צוריק אויפצושטעלן די לאנדסמאנשאפטן מיט אַ צענטראַלער אָנפירונג („פאַרבאַנד״) ; אַ קליניק, צוגאָבשולן, קינ-דער-היימען און קאָלאָניעס פאַר די קינדער פון די אומגעקומענע יידן, אַ ביבליאָטעק, אַ פאָלקס-כאָר און דראַמאַטישן קרייז, אַ קולטור-ראַט וואָס האָט אָנגעפירט מיט די פאַרצווייגטע טעטיקייטן.

פּונקט ווי דער ראַטן-פאַרבאַנד האָט געווירקט אומדירעקט אויף דער פאַרשטאַרקונג און איינפלוס, איז ער אויך גורם געווען צום אָפּפלוס. פיל דענקענדיקע יידישע קאָמוניסטן האָבן נישט געוואַגט, ווי אין איצטיקן פעריאָד די איטאַליענישע, שפּאַנישע און אַנדערע קאָמוניסטן צו אָפּאָנירן, אַז דער ראַטן-פאַרבאַנד איז נישט אונדזער „מאָדעל״ אין מערב-אייראָפּע. פאַר ערלעכע יידישע קאָמוניסטן, צי פאַר זייערע סימפּאַטיקערס, האָט דער ראַטן-פאַרבאַנד געדינט ווי אַ לייכט-טורעם, אַ מוסטער, ווי אַזוי מען לייזט אַלגעמיין-מענ-טשלעכע פּראָבלעמען, אַריינגערעכנט דעם יידן-פּראָבלעם, סיי ווי אַ בירגער-יחיד, סיי בנוגע זיין נאַציאָנאַלער קולטור. לעבט דאָך דאָרט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק.

אַוודאי וועלן היינטיקע אַסימילאַטאָרן, פּונקט ווי די מיט דורות פריער דערקלערן : יידישע קולטור ? פאָלקישע נאַציע ? מ׳קאָן זיך אָן דעם באַגיין, אָדער — דאָס איז אַ רעאַקציאָנערע טעאָריע. די לעבעדיקע דערפאַרונג האָט אָבער באַוויזן, אַז אויב אַפילו דאָס ווערט נישט אַנערקענט, עקזיסטירט נישט דאָרט אויך בירגערלעכע פרייהייט פאַרן יחיד. האָט דאָך די קאַמפּאַניע פאַר אייגענע „נאַציאָ-נאַלע קאַדערן״ אין ראַטן-פאַרבאַנד זיך אָנגעהויבן אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן, ווי נאָר עס זענען אויסגעוואַקסן פאַסיקע כּוחות פון די מערהייט-פעלקער. די טראַגעדיע האָט פאַר אַלעם זיך אָנ-געהויבן ביי די יידישע אַסימילירטע קרייזן און דער פּראָצעס האָט דערנאָך געהאַט זיין המשך אין די לענדער פון דער א. ג. פאָלקס-דעמאָקראַטיע, וואָס האָט דערגרייכט זיין הויכפּונקט אין גירוש פּוילן אין 68—1967. נישט דווקא די אָפיציעלע יידישע טוער זענען

געווען די ערשטע, צו איינציקע קרבנות פון יענעם עקזאָדוס, נאָר גראָד די וואָס האָבן זיך פולשטענדיק אינטעגרירט מיט דער שפראַך און קולטור פון לאנד. ס'האָט אַפילו נישט געהאָלפן דאָס ענדערן די פאמיליע-נעמען, זיי זאָלן קלינגען ריין „אַריש", ווי אויך נישט דאָס משפחהדיקע אויסמישן זיך מיט די פּאָלאקן. ס'איז דער-גאנגען אזוי ווייט, אז אפילו האלבע יידן, לויטן אָפּשטאם, זענען דערוווייטערט געוואָרן פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן.

אַזוי איז געשען אין ראטן-פארבאנד אין די יאָרן 52—1950. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּלאנמעסיקע קאמפּאַניע קעגן יידישן פּאָלק, ווי נאָר זיי האָבן געענדערט זייער פּאָליטישע אָריענטא-ציע לגבי מדינת ישראל. שווארצע פליגל פון טעראָר און טויט האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער יידישע קעפּ, באגלייט מיט העץ-קאמפּאניעס צוצוגרייטן די עפנטלעכע מיינונג. די ווילדסטע פּאָגראָם-שטימונג וועגן „קאָסמאָפּאָליטן, מענטשן אָן אַן אָפּשטאם", איז פאר אלעמען אויסן געווען צו טרעפן דער יידישער אסימילירטער אינטעליגענץ און גאָר באזונדערס די, וואָס האָבן געגעבן זייער וואָגיקן ביישטייער דער רוסישער, אוקראַינישער, ווייסרוסישער קולטור, ליטעראטור, קריטיק, קונסט, טעאטער, פילם. פון אונטער זייערע נישט-יידישע נעמען האָבן זיי אויסגעפונען די יידישע פא-מיליעס, די נעמען פון זייערע עלטערן. די קאמפּאניע האָט זיך נאָך מער אויסגעברייטערט מיטן בלבול וועגן „די מערדער אין די ווייסע כאלאטן". אַ ווילדער מכשפה-געיעג האָט זיך אָנגעהויבן אין גאנצן לאָנד קעגן די יידישע אָנפירנדיקע קאַדערן און אינטעליגענץ.

אין די סאטעליטן-לענדער (טשעכאָסלאָוואַקיי, רומעניע, אונ-גארן) זענען פּאַרגעקומען די טרויעריק-בארימטע פּראָצעסן קעגן די העכסטע קאָמוניסטישע מנהיגים, ס'רוב-יידן, וואָס האָבן זיך פארענדיקט מיט תליות. ביי דער געלעגנהייט האָט מען געסטעמפּלט דעם ציוניזם, דעם „דזשאָינט" און מדינת ישראל.

אין יאנואר 1953 האָט דער „אוניאָן" אין פּאַריז ארויסגעגעבן א בראָשור, ווו מיר געפינען אזעלכע „פּערל":

„באלד נאָכן סוף פון צווייטן וועלט-קריג, האָבן ציוניסטישע פירערס זיך געשטעלט מיט לייב-און-לעבן אין דינסט פון אַנטי-

סאָוועטישן קרייצצוג. נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישראל, האָט בן גוריון געשיקט אין די פאָלקס-דעמאָקראַטיעס שפּיאָנען, אונטערן מאַנטל פון דיפּלאָמאַטן. צו דער זעלבער מלאכה זענען אויך אויסגענוצט געוואָרן די פאַרבינדונג מיט סלאַנס-קין, מיטן „דזשאָינט". דאָס זענען דורך זיי איבערגעגעבן גע-וואָרן דירעקטיוון צו די „מערדער אין די ווייסע כאַלאַטן"...

פיל יידישע פאָלקס-מענטשן אין פּאַריז, מיטגלידער און סימ-פּאַטיקער פֿון די כּלומרשט אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געווען אונטערן איינפלוס פון דער קאָמוניסטישער אָנפירער-שאַפט, האָבן נישט געגלויבט און נישט געקאָנט פאַרדייען די געמיינע בלבולים.

דער פאַרצווייגטער קאָמוניסטישער סעקטאָר אויף דער יידישער גאַס האָט איבערגעלעבט דעם ערשטן קריזיס נאָכן 20סטן פּאַרטיי-קאָנגרעס אין מאָסקווע, ווען ס'איז שוין באַוווּסט געוואָרן וועגן מאָרד איבער די יידישע פען-מענטשן און קולטור-שעפערס. אַ גרוי-סע צאָל פאָלקס-מענטשן, באַזונדערס די יידישע שרייבערס: שולש-טיין, שלעווין, ליטווין און אַנדערע פאַרלאָזן די „נייע פּרעסע" און דעם „אוניאָן". אויך אַ ריי פאָלקס-אָרגאַניזאַציעס און סאָסיעטעס האָבן זיך געשפּאָלטן.

## דער ערשטער צוזאַמענטרעף

דעמאָלט איז אויף דער איניציאַטיוו פון אַ ריי שרייבערס, קולטור-טוערס, פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף וועגן שאַפן אַן אומאָפּהענגיקע קולטור-געזעלשאַפט. צו דעם צוזאַמענטרעף זע-נען אויך געקומען אַזעלכע, וואָס זענען נאָך אָרגאַניזאַציאָנעל געווען פאַרבונדן מיטן „אוניאָן" און אפילו מיט דער פּאַרטיי. מען האָט זיך געאייניקט ביים אויסאַרבעטן דעם מעמאָראַנדום וועגן שאַפן די נייע יידישע קולטור-געזעלשאַפט, וואָס זאָל סיי אידעאָלאָגיש, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל, סיי פינאַנסיעל — נישט זיין פאַרבונדן מיט קיין שום פּאָליטישער אָדער אידעישער ריכטונג. איר איינציקער, אויסשליסלעכער טעטיקייט-געביט זאָל זיין: יידיש-געזעלשאַפט-לעכע און קולטור-אַרבעט.

דער „אוניאָן" האָט זיך געשראָקן פאַר דער אנטשטייאונג פון אזא אָרגאַניזאַציע, ווייל די זעלבע קולטור-כוחות האָבן זיי אַלע יאָרן אויסגענוצט אויף צו דעקן זייערע פּאָליטישע מאַנעוורן. האָבן זיי געווירקט אויף די, וואָס פּסיכאָלאָגיש זענען זיי נאָך נישט רייף געווען איבערצורייסן מיט דער פּאַרטיי און מיטן „אוניאָן" — מיטן אָנשרעקן, זיי זאָלן, חלילה, נישט ארייַנפאַלן אין אנטי-סאָ-וועטישן לאַגער. כדי איינצושטילן די געמיטער פון די וואָס האָבן גענומען צווייפלען, האָבן זיי אינטערווענירט אין צענטראַל-קאָמי-טעט פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ראַטן-פאַרבאַנד איבערצוצייגן זיך אין דער געענדערטער לאַגע בנוגע דער יידישער קולטור, אונטער כּרושטשאָווס אָנפירונג. אין באַשטאַנד פון דער דעלעגאַציע איז אויך אריין דער דראַמאַטורג ד״ר חיים סלאָוועס. אַגב, די וויכטיקע אַרבעט וואָס ער האָט דערנאָך אָנגעשריבן וועגן דער לאַגע פון דער יידישער קולטור אין ראַטן-פאַרבאַנד, האָט די „נייע פּרעסע" נישט געוואָלט פאַרעפנטלעכן. זי איז אָבער יאָ דערשינען אין ניו-יאָרקער זשורנאַל „יידישע קולטור" און אויך געוואָרן איבערגע-דרוקט אין דער „איינִיקייט" (נומער 8—9, 1959), הגם דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן, אַ סך נישט דערזאָגט. אָבער ד״ר סלאָוועס קומט צום אויספיר, אַז „געלונגען די דעצידירנדיקע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד צו איבערצייגן אין דער פאַלשקייט פון זייער שטעלונג צום ענין יידישע קולטור, קאָן נאָר אַ פריינד". אנשטאַט די אויסגע-קעמפטע יידישע קולטור, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אַלע יאָרן געגרויסט, דאַרף מען, הייסט עס, ווייטער און ווידער זיך באַנוצן מיטן שטענדיקן געווער פון שוואַכן קעגן דעם שטאַרקן — שתדלנות !...

צו דעקן די פאַרשווייגעניש און אויספיר פון דער דעלעגאַציע, האָט די „נייע פּרעסע" פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען פון רעדאַקטאָר ג. קעניג וועגן זיין באַזוך אין ראַטן-פאַרבאַנד ביי די פּרויען פון די דערמאָרדעטע יידישע שרייבערס — און ווי „גליק-לעך" זיי זענען...

די ניי-געשאַפענע קולטור-געזעלשאַפט האָט זיך געמוזט באַג-

נוגענען מיט א גאנץ באשרענקטער גרופע פריינד. ס׳האָט אָנגעהויבן דערשיינען „איינִיקייט״ אַ צייטשריפט פאַר ליטעראַטור און קולטור-געזעלשאפטלעכע פּראָבלעמען, אונטער דער רעדאקציע פון ב. שלעווין. ס׳זענען דערשינען 16 העפטן, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם דראנג פון אויפהאלטן דאָס יידישע קולטור-לעבן אין פּאַריז.

## ישראל פאַר דער 6-טאָגיקער מלחמה

אין יענע דראמאטיש-שווערע טעג ערב דער זעקס-טאָגיקער מלחמה איז איבערן קליינעם לאנד ישראל געהאָנגען די שווערד פון אומקום צוליב דער ארומרינגלונג פון די אראבישע שכנים, באוואָפנט מיטן מאָדערנסטן סאָוועטישן געווער. דער עגיפּטישער הערשער נאַסער האָט אָפּגערופן די אונ״אָ-כוחות, די א. ג. „בלויע קאַסקן״, פּראָקלאַמירט די בלאָקאַדע פון טיראַן-איינגוס, וואָס האָט פאַרשטאָפּט אַ וויכטיקע אַרטעריע פון ישראל. דאָס לאַנד איז געבליבן אָפּגעשניטן פון ים-וועג, דורך וועלכן זי האָט באקומען נאָפט און רויסטאָפן. די פאראייניקטע ארמיי-אָנפירונג פון יאַרדאניע, סיריע און עגיפּטן, האָט באקומען די מאָראלישע און פינאנסיעל-מיליטערישע אונטערשטיצונג פון דער מוסולמענישער און קאָמוניסטישער וועלט. די אראבישע פּראָפּאגאנדע-מאשין, ראדיא, טעלעוויזיע, פּרעסע, פלאקאטן און מאסן-דעמאָנסטראַציעס, האָבן באצייטנס געיובלט וועגן דער נאָענטער מאסן-אויסמאָרדונג פון די ישראלים. דאָס האָט אויפגעשווידערט יעדן ייד, אויך די וואָס זענען געווען ווייט און אָפּגעפרעמדט פון יידישן לעבן. אפילו נישט-יידן, וואָס האָבן נאָך געדענקט דעם נאַצישן גענאָסייד איבער אונדזער פאָלק — האָבן אויפגעשווידערט. יענע אויפטרייסלענדיקע געשעענישן, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך אזא גרויסע געפאר, האָבן אויך געהאט אן אויסווירקונג אויפן יידיש-קאָמוניסטישן סעקטאָר. די „נייע פּרעסע״ האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער דערקלערונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג, אויך איבערגעחזרט דורך דער פראנצויזישער קאָמוניסטישער פארטיי, אז — ישראל האָט רעכט צו לעבן, און אז דער ראטן-פארבאנד (וואָס האָט באוואָפנט און פּראָוואַ-

צירט די כלומרשטע „גרייטקייט פון ישראל אָנצופאלן אויף סיריע״) זוכט בלויז שלום אין ראַיאָן. דאָס אַלץ האָט אָבער געקלונגען ווי אַ חוזק. הונדערטער לייענערס פון דער „נייע פרעסע״ האָבן אויפגע־הערט קויפן די צייטונג. אין דער רעדאַקציע גופא איז פּאָרגע־קומען אַן אינערלעכער שטרייט. דער מיטאַרבעטער ה. גאָלדפינגער האָט מיט אַ צייט שפּעטער פאַרלאָזט די רעדאַקציע. דער קאָמענ־טאַטאָר פון אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, אַלטער גאָרדאָן (ספּע־ראָ), האָט פון דעמאָלט נישט געשריבן מער וועגן ישראל.

ספּאָנטאַן האָבן די לאַנדסמאַנשאַפטן פּראָקלאַמירט אַ זאַמל־אַקציע פאַר ישראל און דאָס געלט איבערגעגעבן אין ישראל־קאָנסולאַט, קעגן ווילן פון דעמאָלטיקן גענעראַל־סעקרעטאַר פון „פאַרבאַנד״ פון די געזעלשאַפטן״. אויך אין ביוראָ פון פאַרבאַנד איז געווען אַן אָפּאָזיציע קעגן דער דאָגמאַטישער ליניע, מצד די פאַרש־טייער פון דער ראַדאָמער לאַנדסמאַנשאַפט, די אַקטיווע חברים משה עפּשטיין און שלמה שאַפּראַן (ביידע היינט אין ישראל).

געווען אַ פאַל, אַז אַ פּרעזידיום־מיטגליד פון אַ יום העצמאות־פייערונג, איינגעאָרדנט פון „פאַרבאַנד״, האָט אַרויסגעריסן דעם מיקראָ פון געזעשאַפטלעכן טוער לוקסענבורג, וואָס האָט געוואָגט צו רופן אין די דראַמאַטישע טעג פון יוני 1967 זיך אָנצושליסן אין דער סאָלידאַריטעט־דעמאָנסטראַציע מיט מדינת ישראל. אַ ריי סאָסיעטעס, ווי די ראַדאָמער, קאָצק־זשעלעכאָוו, כמיעלניק, האָבן איבערגעריסן די פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען מיטן „פאַרבאַנד״.

נאָך קיינמאָל נישט האָבן יידישע הערצער אין פראַנקרייך געקלאַפּט אין זעלבן ריטם מיט ישראל, ווי אין יענע שטורמישע טעג. מיר ברענגען דאָ אייניקע שורות פון אַ פּאַריזער יידישן דיכטער, אברהם בערן, וואָס דריקן אויס די שטימונג פון יענע טעג:

ס׳האַרץ האָט געפלאַטערט. די ווייס־בלאָע פאָן,  
און שלייפן געהאַמערט מיט שווערקייט די שעהן.  
ירושלים, פּאַריז אין איינעם געשאַל,  
פון „פּלאַס ד׳איזרעאל״, ביז פּלאַס „עטואַל״.  
היינט וועקט דיך דער צאָרן פון אייביק דערדריקטער,  
און ס׳צאַפּלט מיין צאַפּל ביים זינגען „התקוה״,

צעטראָגן דעם שטורעם פון פּלאַס „עטואַל״:
ס׳וועט לעבן ישראל, זאָל לעבן צה״ל״.

ווייל די ישראלים האָבן זיך נישט געלאָזט אויסשעכטן, האָט עס אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די סאָוועטישע מנהיגים: ישראל איז דער אַגרעסאָר! זיי האָבן איבערגעריסן די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט דער יידישער מדינה, באַגלייט מיט אַן אַנטיסעמיטישער און אַנטי-ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. און דאָס אַלץ — אין אָנבליק פון דער אומקום-געפאַר, וואָס איז געהאָנגען איבער די יידן אין ישראל. פון אַזאַ מיאוסער סאָוועטיש-אַראַבישער קאָנספּיראַציע, האָט אויך אויפגעבראַוזט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין ישראל, מק״י. ביים רוב מיטגלידער, אונטער דער פירונג פון ד״ר משה סנה, איז פאָרגעקומען אַ פּאָליטישע איבעראָריענטאַציע:

1) באַפרייען זיך פון אַראַבישן, שאָוויניסטישן דרוק;

2) זיין מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיידיקונג;

3) ווידערשטאַנד קעגן יעדן אימפּעריאַליזם;

4) אומאָפּהענגיקע שטעלונג, אַנטשלאָסענע קעגנערשאַפט צו דער גרויסמאַכט-העגעמאָניע;

5) פּאָזיטיווע און אַקטיווע שטעלונג צו די לעבנס-פראַגן פון יידישן פאָלק, אין אַלע טיילן פון דער וועלט, ווי צו די נאַציאָנאַלע רעכט פון יידן אין די סאָציאַליסטישע לענדער עולה צו זיין קיין ישראל און אַנטוויקלען אַן אייגן עקאָנאָמיש און קולטור-לעבן.

די אַראַבישע שאָוויניסטישע עלעמענטן, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען דער אויסדריקער פון זייערע אַספּיראַציעס, ווי בשעתו, די שטעלונג פון קאָמינטערן, האָבן געשטרעבט דערצו, אַז ס׳זאָל פאַרקלענערט ווערן דער יידישער ישוב. נאָך די בלוטיקע געשעענישן אין 1929, זענען צענדליקער יידישער קאָמוניסטן אַוועק קיין ראַטן-פאַרבאַנד. אַ ריי יידישע מיטגלידער פון צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַלעסטינער קאָמפּאַרטיי, זענען פאַרביטן געוואָרן מיט אַראַבער. ווי עס דערציילט דער געוועזענער פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי אין קאָמינטערן, אָסטראָווסקי, איז די מיינונג געווען: די אַנוועזנהייט פון יידן שטערט, אַז די אַראַבער זאָלן זיך אָנשליסן

אין דער פּאַרטיי. די אַראַבישע שאָוויניסטישע עלעמענטן און אַ קליינע צאָל יידישע פּאַרלייקענער פונם טיפּ מאיר ווילנער, זענען אַרויס פון דער מק״י און געשאַפן די רק״ח (רשימה קומוניסטית חדשה — נייע קאָמוניסטישע ליסטע [צו די כנסת-וואלן]), וואָס האָט באַקומען די הסכמה און אונטערשטיצונג פון מאָסקווע.

אין פראַנקרייך האָט דער יידישער ישוב אויפגעברויזט אין די דראַמאַטישע טעג פון יוני 1967, אין אַנבליק פון דער אַנטיסע-מיטישער וואקכאַנאַליע אין די א.ג. סאָציאַליסטישע לענדער. די „נייע פּרעסע״, אין קעגנזאַץ צו דער-ניו יאָרקער „מאָרגן-פרייהייט״, האָט זיך פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיט רק״ח. נאָכן זיג פון ישראל אין דער זעקס-טאָגיקער מלחמה, האָט יעדער ייד פרייער אָפּגעאָטעמט. אפילו די האלב- און גאַנץ-אַסימילירטע יידן האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון פאָלק. אין יענע טעג איז אויך געקומען די טרויעריק-באַרימטע דערקלערונג פון דע-גאָלן וועגן ישראל-אַראַבישן קאָנפליקט, באַגלייט מיט אַ געוווער-עמבאַרגאָ פאַר ישראל, וואָס האָט פּאַקטיש געמיינט — שטיצן די סאָוועטיש-אַראַבישע אינטערעסן. די פּאָליטישע אַקטן פון די רעכטע או. ד. ר., זענען באַגלייט געוואָרן מיט אַ גיפטיקער אַנטי-ישראל-פּראָפּאַגאַנדע. „ל'הימאַניטע״, די איינפלוסרייכע קאָ-מוניסטישע טאָג-צייטונג, האָט דורך איר ספּעץ אין דער וויסטער קאָמפּאַניע, איוו מאָראָ, געשאָטן פּעך און שוועבל אויף ישראל. און די „נייע פּרעסע״ האָט דעם זעלבן העץ-מאַטעריאַל אונטערגע-טראָגן אויף אַ מאַסקירטן אופן.

אין יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך געפילט די רייפקייט און נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ ראַם, וואָס זאָל ארומנעמען די שטיל אוועקגייענדיקע און געבן מוט די צווייפלערס צו מאַכן דעם איבער-רייס. אין די חדשים יולי און אויגוסט, איז צוליב די זומער-פעריען אַ שטילשטאַנד אין געזעלשאַפטלעכן און קולטור-לעבן אין פּאַריז. דערפאַר איז פאַראַן אַ גרויסער צוזאַמענקום פון יידן פון גאַנץ פראַנקרייך אין די קוראָציע-שטעטלעך נערי לע באַן, עקס לעקאַן, וויטעל אאנ״ד. אין די פריערדיקע יאָרן פלעגן די אַקטיוויסטן פון „אוניאָן״ און „נייע פּרעסע״ איינאָרדענען אין די שטעטלעך פאַר-

שיידענע אונטערנעמונגען און געלט-זאַמלונגען פאַר זייערע אינסטי-טוציעס. אָבער אין זומער 1967, האָבן זיי נישט געוואָגט צו קומען צווישן די יידן.

מיך פּערזענלעך האָבן גאַנץ באַזונדערס נישט געלאָזן רוען יענע געשעענישן. האָב איך דאָך, נאָך זייענדיק אין ראַטן-פאַרבאַנד, געחלומט און געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז אויב כ׳וועל דערלעבן דאָס גליק צו טרעפן זיך מיט די חברים פון מיינע יוגנט-יאָרן, וועט זיין מיין חוב זיי אויפצוקלערן, אַז דער קאָמוניסטישער וועג איז אַ פאַלשער, אַ פאַרפירערישער, אַ פאַרבלענדעניש פאַר אונדז יידן, ווי יחידים און ווי אַ פאָלקישער קאָלעקטיוו. דערפאַר האָב איך גלייך אין די ערשטע טעג פון מיין צוריק קומען פון דאָרט קיין פּאַריז, אין 1960, געזוכט פּערזענלעכע קאָנטאַקטן. באַזוכנדיק דעם סטאַנד פון די „נייע פּרעסע״ אויפן יום-טוב פון דער „ל׳הימאַניטע״, האָב איך באַגעגנט עטלעכע צענדליק אַקטיוויסטן פון די געציילטע, וואָס האָבן מיך געקענט אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, און צווישן זיי — דעם רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, מלך קעניג. ער האָט זיך מיט מיר דערפרייט, אַפילו זיך צעקושט. מיט די חברים וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, איז גענוג געווען אַ קורצער ווערטער-אויסטויש, ס׳זאָל זיך גלייך אָנהייבן אַ דיסקוסיע. זיי האָבן אַפילו געהאַט אַ פאַרענטפער פאַרן בלוטיקן סטאַליניזם: די שווע-ריקייטן ביים אויפבויען דעם סאָציאַליזם און אַז נאָר אַ דאַנק דעם ראַטן-פאַרבאַנד, איז פאַרזיכערט דער שלום אויף דער וועלט. זיי האָבן אויך פאַרזיכערט, אַז די פאַרקריפּלונגען פון בעריאַן אין באַצוג צו דער יידישער קולטור, ווערן איצט געענדערט צום גוטן.

פאַר אַן עדות ווי איך, וואָס האָט דאָרט געלעבט 25 יאָר, האָט אויסגעזען לעכערלעך זייער אַרגומענטאַציע. דאָך, נישט געקוקט אויף מיינע דערציילונגען וועגן די גרוילן אין יענער מדינה, לאָדן זיי מיך איין מיטצואַרבעטן אין זייערע אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַ-ציעס.

— וועסטו נישט זיין קיין מיטגליד אין דער פּאַרטיי. דו וועסט דאָך נישט גיין צו די „ברוינע יידעלעך״, די ציוניסטן, אָדער בונ-דיסטן — האָט קעניג גערעדט צו מיין געוויסן.

ס׳איז, הייסט עס, די אַלטע טאַקטיק. די וואָס אַרבעטן נישט אונטער זייער אָנפירערשאַפט, ווערן באַצייכנט ווי „ברוינע יידעלער״.

— און מיט וועמען — פרעג איך — זייט איר געווען אין איינהייט-פראָנט אין די אָקופּאַציע-יאָרן, צי אין דער ערשטער תקו-פה נאָך דער מלחמה?

מען שרעקט מיר, אַז כ׳וועל זיין איינזאַם, איזאָלירט, אין אַ פרעמדער סביבה. נאָר איך טראַכט: בעסער צו זיין אַ פרעמדער צווישן פרעמדע, איידער אַ פרעמדער צווישן פאַלשע, באַוווסטזיניק-ליגנערישע אייגענע. צעווייטיקט איז געווען מיין נשמה, צוליב דער פאַרשטיינערטקייט און קאָנסערוואַטיזם פון מיינע אַמאָליקע יוגנט-חברים. זיי האַלטן זיך נאָך אַלץ ביי די דאָגמעס, וואָס זענען אפשר געווען באַרעכטיקט אויף אַזאַ אופן טראַכטן אין די 20קער און 30קער יאָרן, אָבער נישט אין אָנהייב פון די 60קער יאָרן, נאָך די אַלע שוידערלעכע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען.

איין חבר באַגלייטנדיק מיך, האָט גערעדט צו מיר, כ׳זאָל נישט פאַרלאָזן. ער איז דעמאָלט געווען פּאַרטיי-מיטגליד און אַ טוער פון „אוניאָן״ אין 11-טן אַראָנדיסמאַן — שמעון פייוועלעוויטש. אָבער בלויז דער ציטער פאַר דער עקזיסטענץ פון ישראל איז דער איבערצייגנדיקער פאַקטאָר, ער זאָל איבעררייסן מיט דער פּאַרטיי און מיטן „אוניאָן״. ביי יענער באַגעגעניש האָב איך געפּרוווט אים אָנרעגן, אַז ס׳איז געקומען די צייט צו שאַפן אַ גרופּע פון די ווי ער, וואָס זענען צעטרייסלט פון אינערלעכע קאָנפליקטן בנוגע יידישע איבערצייגונגען און פילונגען.

כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז פּסיכאָלאָגיש איז דאָס אַ זייער שווע-רער, קאָמפּליצירטער פּראָצעס פאַר מענטשן, וואָס זענען אידעיש געווען פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג 30-40 יאָר, מ׳זאָל זיך באַלד איבערגעשטאַלטיקן. בלית-ברירה האָב איך געזוכט פאַרבינדונגען מיט די, וואָס האָבן נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק איבערגעריסן מיט יענער סביבה. יחזקאל הערבסטמאַן איז אַלע יאָרן געווען אַן אַקטי-ווער טוער, באַזונדערס אין דער צייט פון ווידערשטאַנד. נאָך דער מלחמה געווען אַ מיטגליד אין קולטור-ראַט, אָנגעפירט מיט דער

„אוניאָן״-סעקציע אין 20סטן אַראָנדיסמאַן. ער האָט נישט אָפּגע-זאָגט, נאָר געהאַט ספּיקות בנוגע דערפּאָלג, ווייל מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט אַן ענלעכער פּרוּוו, צוזאַמען מיט די שרייבער שולשטיין, שלעווין און ליטווין, זיך נישט איינגעגעבן. איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיטן געוועזענעם אַקטיוויסט פון דער „אייניקייט״, קאַראַליצקי, וואָס האָט גלייך געגעבן זיין הסכמה. אויף דער צווייטער טרעפונג איז בייגעווען שמעון פייוועלעוויטש און שטרום. מיר האָבן באַשלאָסן צונויפצורופן אַ גרעסערן צוזאַמענטרעף פרייטיק, דעם 10טן נאָוועמבער 1967, אין אַ רעסטאָראַן לעבן פּלאַס רעפובליק.

## די אנטשטייאונג פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע

איבער 40 מענטשן זענען געקומען צום ערשטן צוזאַמענטרעף — אַ צאָל וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. צווישן די אַנוועזנדע זענען געווען די שרייבער, וואָס האָבן פריער מיטגע-אַרבעט מיטן „אוניאָן״ און אין דער „נייע פּרעסע״: ליטווין, שולש-טיין, בערן, ק. בענעק, שלעווין. געווען אויך אַ מיטאַרבעטער פון דער בונדישער „אונדזער שטימע״, דוד קלין; פון פּועלי-ציון — אַייזענבערג; אַ מיטגליד פון דער ראַדאַמער לאַנדסמאַנשאַפט; פון די דעמבלינער; פון האַנטווערקער-פאַרבאַנד; פון אַמיקאַל פון „יאַסק״, די געוועזענע ספּאָרט-אָרגאַניזאַציע. דער פאַקט, וואָס אַזוי פיל אַקטיוויסטן האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונדזער איניציאַטיוו, האָט באַוויזן די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם פאַר די הונדערטער, וואָס האָבן זיך דערווייטערט פון די לינקע אָרגאַניזאַציעס.

אין מיין אַריינפיר-וואָרט און אין די אַרויסטרעטונגען פון אַ סך אַנטיילנעמערס, איז געקומען צום אויסדרוק די ביטערע אַנטוי-שונג. ביי אַ טייל האָט דער צווייפל שוין לאַנג געגריזשעט אינע-ווייניק. ס׳איז נישט אַזוי לייכט געווען איבערצורייסן מיט אַ וואַרע-מער סביבה פון פריינדשאַפט און חברישקייט במשך לאַנגע יאָרן. באַזונדערס שווער איז אָנגעקומען דאָס צופּאַסן זיך צו געזעל-

שאַפּטלעכע באַוועגונגען, צו וועלכע מ׳איז געווען פּיינטלעך און פּרעמד.

מיט ביטערקייט איז געוואָרן אונטערגעשטראָכן די שעדלעכע ראָל פון „אוניאָן״ און פון די „נייע פּרעסע״, מיטן פאַרשווייגן און אָפּלייקענען די ברוטאַלע, רוצחישע פאַרניכטונג פון דער יידישער קולטור אין ראַטן-פאַרבאַנד און דאָס אומברענגען אירע בעסטע שעפערס. און גאַנץ באַזונדערס — די טרויעריקע ראָל פון מאָסקווע אין גורלדיקן געראַנגל פאַר דער עקזיסטענץ פון ישראל. אַלע האָבן זיך געאייניקט בנוגע דער וויכטיקייט צו שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע ראַם, וואָס זאָל אַרומנעמען די אַנטוישטע, באַמיען זיך צו דערמוטיקן די סקעפּטיקערס, געבן אונדזער ביישטייער צו שטאַרקן ישראל און דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פון יידישן ישוב אין פראַנקרייך.

די פאַרזאַמלונג האָט געהאַט אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין די טאָג-צייטונגען „אונדזער וואָרט״ און „אונדזער שטימע״. פול מיט עמאָציעס, איינדרוקן און האָפענונגען, בין איך אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג. (מיט 30 יאָר צוריק, דעם 10טן נאָוועמבער 1937, האָבן דריי אויספאָרשערס פון דער נ.ק.וו.ד. אין קיעוו מיך געשלאָגן און געפּייניקט, כ׳זאָל זיך מודה זיין אַז איך בין געווען — „אַ שפּיאָן און קאָנטער-רעוואָלוציאָנער״... אָט איז די ערשטע, פּאָליטישע סאַטיספאַקציע פון נעמען די איניציאַטיוו צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל מיטווירקן אָפּצושוואַכן דעם קאָמוניסטישן איינפלוס צווישן יידן). וועט זיך דאָס איינגעבן? וועט מען געפינען אַ פּאָליטיש-אידעאָלאָגישן אָנשפּאַר? די שרייבערס וועלן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל נישט אַנגאַזשירן. וועט געלונגען עפּעס אויפצובויען?

איך טראַכט נאָך אַלץ וועגן די דערקלערונגען פון דריי אנטיילנעמערס אין דער ערשטער פאַרזאַמלונג. אַ געוועזענער מיטגליד פון צענטראַלן קולטור-ראַט ביים „אוניאָן״ האָט געבעטן מ׳זאָל נישט פאַרעפנטלעכן אין דער פּרעסע זיין נאָמען, ווייל ער איז נאָך אַ מיטגליד אין פּאַרטיי-קעמערל. אַ צווייטער האָט געבעטן דאָס זעלבע, ווייל ער איז פּאָרזיצער פון דער דאַמען-סעקציע פון האַנטווערקער-פאַריין, וואָס קאָן שטערן די לאָיאַלע מיטאַרבעט פון אַנדערע האַנטווערקער. דער דריטער, יהודה זילבערבערג, וואָס נאָכן

איבערייסן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט געהאַט אַרויס-געגעבן אַ בראָשור „די געשיכטע גייט זיך איר וועג" (געדאַנקען און מאַטעריאַלן וועגן רעוואָלוציאָנערן), איז שוין געווען אַנגאַ-זשירט אין מפא"י. ער האָט געגעבן זיין צוזאָג מיטצואַרבעטן, ווייל ר'איז באַקאַנט מיט די פאַרהעלטענישן אין נאַציאָנאַלן לאַגער.

און די ספקות מיט זיך אַליין: בין איך דער פּאַסיקער מענ-טש? בין איך דערצו באַרופן? זייט מיין אַוועקפאָרן קיין ראַטן-פאַר-באַנד אין יאָר 1933, בין איך נישט געווען פּאָליטיש אַנגאַזשירט, יאָרן-לאַנג גייסטיק אָפּגעריסן פון קולטור-געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן. דער צווייפל לאָזט נישט קיין אויג צומאַכן...

פיר טעג נאָכן ערשטן צונויפקום, איז פאָרגעקומען די פאַרזע-צונג פון דער דעבאַטע אין לאָקאַל פון לינקע פועלי ציון. ס'זענען באַהאַנדלט געוואָרן צוויי הויפּט-פּראָבלעמען: 1) וועגן נאָמען פאַר דער ניי-געשאַפענער אָרגאַניזאַציע. די דיסקוסיע אַרום דעם איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכע. פון עטלעכע פאָרשלאָגן, האָט (מיט איין שטים) איבערגעוווגן דער נאָמען „פּראָגרעסיוו-יידישע אָר-גאַניזאַציע". 2) ס'איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן אונדזער שטעלונג צו דער עפנטלעכער דעבאַטע וועגן ישראל-פּראָבלעמען, וואָס דער „אוניאָן" האָט גערופן אויפן 16טן נאָוועמבער.

מיר האָבן פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו דער דעבאַטע, ווו ס'האָבן אַנטייל גענומען פראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן, גוט באַ-קאַנט מיט זייערע קאָמוניסטישע און פּראָ-אַראַבישע איינשטעלונ-גען. דאָרט איז אויך אַרויסגעטרעטן: דער יידישער זשורנאַליסט פון „לע מאָנד" — עריק רולאָ, באַקאַנט מיט זיין אַנטי-ישראלדי-קער איינשטעלונג; ד"ר חיים סלאָוועס; דער געוו. פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע און פאָרזיצער פון דער פראַנצוי-זיש-סאָוועטישער פריינדשאַפט-ליגע, אַדוואָקאַט בלומעל. באַטייליקט האָבן זיך אַ 600 מענטשן. צום ערשטן מאָל האָט מען אויף אַן אָוונט איינגעאָרדנט דורכן „אוניאָן", געהערט שטורמישע צווישנ-רופן און געוויסע רעדנער האָבן אַפילו נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זייערע אַנטי-ישראלדיקע אויספירן. אונדזערע חברים האָבן פונאַנ-דערגעטיילט די אַנטיסעמיטישע קאַריקאַטורן, וואָס זענען דער-

שינען אין דער סאָוועטישער פּרעסע. זייערע אָרדנערס האָבן נישט געוואָגט צו שטערן. דער אויפרוף, געדרוקט אין „אונדזער וואָרט" אויף אַ בולטן אופן, האָט מיטגעהאָלפן צו מאָביליזירן פּראָ־ישראל־דיקע יידן. דער אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד האָט געהאַט אַ ברייטע אונטערשטיצונג פון עולם אין זאַל. די „נייע פּרעסע" האָט צומאַרגנס זיך באַקלאָגט אויף דער אַנאָנימקייט פון דער ניי־אַנטשטאַנענער גרופּע — זי האָט געוואָלט וויסן כאָטש איין־איינציקן נאָמען... אויף. דעם האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז נאָך דער מאַניפעסטאַציע אין „מאָדערן", וואָלטן זיי בעסער נישט געשטעלט קיין פראַגן. זיי האָבן פון דער טריבונע זיכער געזען די פּנימער פון דער „אַנאָנימער" אָרגאַניזאַציע.

פאַרן צייטווייליקן קאָמיטעט האָבן זיך אונטערגעשריבן: משה זאַלצמאַן, סעקרעטאַר פון די „פאַראייניקטע לובלינער"; מאַרסעל קאַראָליצקי און יידל זילבערבערג. כדי דאָס יידישע פּאַריז זאָל באַקאַנט ווערן מיט דער נייער אָרגאַניזאַציע, איז פאָרגעלייגט געוואָרן אַרויסצוגעבן דעם מעמאָראַנדום וועגן דער סיבה פון דער אַנטשטייונג פון דער גרופּע, אָנגעשריבן פון מ. זאַלצמאַן. חבר שלעווין האָט געהאַלטן, אַז די אָרגאַניזאַציע דאַרף נישט אין איר אויפקלער־אַרבעט זיך שטיצן נאָר אויף נעגאַטיווע מאָמענטן, נאָר מיר דאַרפן שטאַרקן דעם ישוב, פּאָליטיש און קולטורעל, מיט פּאָזיטיווער און אַקטיווער טעטיקייט. אַנשטאָט אַן אויפרוף — אַרויסגעבן אַ זשורנאַל. חבר דייטלבוים האָט פאָרגעלייגט צו שאַפן אַ צענטראַלע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן איבערגעריסן מיטן „פאַרבאַנד". פּאַראַלעל מיטן אַנטשטיין פון דער אָרגאַניזאַציע, האָבן די שרייבערס: נח גריס, ב. שלעווין, מ. ליטווין, י. מאַניטש אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „פּאַריזער העפטן".

דער אויסגעברייטערטער אַקטיוו האָט אויסגעוויילט אַ סעקרעטאַריאַט: פאָרזיצער — קאַראָליצקי, פּאָליטישער סעקרעטאַר — זאַלצמאַן, אַדמיניסטראַטיווער סעקרעטאַר — זשילבערט, פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטן — שאַרל דייטלבוים, פאַרבינדונג מיט די צענטראַלע קערפּערשאַפטן — יידל זילבערבערג.

אינגיכן איז פאָרגעקומען די ערשטע עפנטלעכע פאַרזאַמלונג,

ווו ס'איז פֿאָרגעשלאָגן געוואָרן דער פּראָגראַם פֿון דער „פּראָגרע-סיווער יידישער אָרגאַניזאַציע", מיט אַן אָפּשאַצונג וועגן דער 6-טאָגיקער מלחמה און די ראָל פֿון קאָמוניסטישן בלאָק. מיט אַ סך ווייטיק איז דערציילט געוואָרן, אַז מיר האָבן זיך גענאַרט, גלויבנ-דיק, אַז דער קאַמף, געפֿירט פֿון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, איז אַ גערעכטער און פֿירט צו דער באַפֿרייאונג פֿון דער מענטש-הייט און אַז אויך אונדזער געיאָגט און געפּלאָגט יידיש פֿאָלק וועט געפֿינען אַ לייזונג. הגם מיר האָבן געוווּסט, אַז אידעאָלאָגיש האָט דער קאָמוניזם אונדז נישט אַנערקענט ווי אַ פֿאָלק, ווייל לויט דער לענינישער טעאָריע, איז בלויז די טעריטאָריאַלע און נאַציאָ-נאַלע קאָנצענטראַציע די אייגנשאַפֿטן פֿון אַ פֿאָלק, זענען מיר אָבער פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿון דער אילוזיע, נאָך פֿון די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע, צוליב דער ברייטער אונטערשטיצונג פֿאַר דער יידישער קולטור, הגם זי איז פֿון סאָמע אָנהייב געווען אויס-געהוילט פֿון יידישן גייסט און אינהאַלט.

אויף דער פֿאַרזאַמלונג איז אויך פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע שליסט זיך נישט אָן אין די טעטי-קייטן פֿון וועלכער ס'איז באַוועגונג, וואָס העלפֿן צו שטאַרקן פּאָלי-טיש און נאַציאָנאַל דעם יידישן ישוב אין פֿראַנקרייך, נאָר מיר וועלן שטרעבן צו פֿאַרפֿעסטיקן מדינת ישראל, און גאַנץ באַזונדערס איז אונדז נאָענט דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר אין דער ישראל-ווירטשאַפֿט, ווי די הסתדרות, די קיבוצים — דער רוקנביין פֿון דער מדינה. דער פֿאַרגעלייגטער פּראָגראַם האָט אַרויסגערופֿן אַ לענגערן מיינונג-אויסטויש, אין וועלכן ס'האָבן אָנטייל גענומען: עלי טשאַרנאָבראָדע, יידל זילבערבערג, סאַמעק פֿינקעלשטיין, יידל ראָזענפֿעלד, הערבסטמאַן. צום סוף איז איבערגעלייגנט געוואָרן אַ באַגריסונג פֿון שרייבער ב. שלעווין, וואָס באַלויכט אויך די אַלע פּראָבלעמען.

די אָרגאַניזאַציע איז אין אַ גאָר קורצער צייט געוואָרן זייער פּאָפּולער אין יידישן פּאַריז. במשך 5 וואָכן זענען פֿאָרגעקומען צוויי גרויסע, עפֿנטלעכע אונטערנעמונגען: אַ רעפֿעראַט „50 יאָר אָקטאָבער-רעוואָלוציע און 20 יאָר מדינת ישראל"; אַ דעבאַטע-

אָוונט אין גרויסן זאַל פון „האָטעל מאָדערן״, ביי העכער 350 אנוועזנדע. ס׳איז אַרויסגעטרעטן אַ גאַסט פון ישראל — אַברהם שושני און דער דיכטער אַ. בערן. אין דער דעבאַטע האָבן אָנטייל גענומען 11 רעדנערס. כמעט אַלע האָבן געפרעגט: וואָס עפּעס דער נאָמען „פּראָגרעסיווע״, וועלכער איז אַ סינאָנים פון אַ קאָמוניסטי-שער „מאַכערייקע״? דער קינסטלער מאַרקיעל פרעגט: פאַר וואָס נישט אָנשליסן זיך אין איינער פון די עקזיסטירנדיקע ציוניסטישע פּאַרטייען?

וועגן די פּראָבלעמען איז פון סאַמע אָנהייב אויסגעקומען צו דיסקוטירן אויף אויסגעברייטערטע קאָמיטעט-זיצונגען. אַזוי האָבן די קאָמיטעט-מיטגלידער משה פּאָטאַש און יידל זילבערבערג, אויף אַ זיצונג פון 10טן דעצעמבער 1967, פאָרגעלייגט צו ענדערן דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע. וואָס שייך דאָס אָנשליסן זיך אין אַ ציוניסטישער פּאַרטיי, האָט דער פּראָצעס געדאַרפט רייף ווערן אין דער ווייטערדיקער טעטיקייט. כדי צו דעמאָקראַטיזירן די אָרגאַניזאַציע, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אויסגעברייטערטע קאָמיטעט-זיצונגען קומען פאַר עפנטלעך און יעדער אַנוועזנדיקער האָט אַ רעכט צו שטימען און געוויילט צו ווערן.

ס׳איז אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ קולטור-קאָמיסיע פון סאַמעק פינקלעשטיין, יחזקאל הערבסטמאַן, מאַקס מעלמאַן, סימאָן גאָלדבערג און יידל ראָזענפעלד. ב. שלעווין איז באַשטימט געוואָרן ווי דער רעדאַקטאָר פונעם ניי-געשאַפענעם זשורנאַל „פּאַריזער העפ-טן״, סעקרעטאַר און פאַרוואַלטער — מאַקס וואָלפסהוט. די קול-טור-קאָמיסיע האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון זשורנאַל. די אָרגאַניזאַציע האָט גענומען אויף זיך די פולע זאָרג און מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די פינאַנסן און פאַרשפּרייטונג פון דער צייטשריפט. די רעדאַקציע פון „אונדזער וואָרט״ האָט יעדע וואָך געשטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע אַ ספּעציעלע רובריק.

איגנאַץ פּאָטאַשמאַן, פון די געוועזענע שפּאַנישע קעמפערס, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, דערציילט וועגן דער אידעאָלאָגישער עוואָלוציע ביי די געוועזענע שפּאַנישע קעמפער. ער זאָגט, אַז אין דער ווייט-גרעסטער מערהייט,

זענען זיי סאָלידאַריש מיט ישראל און מיט איר זיגרייכער פאַר-טיידיקונג-מלחמה.

פון ליאָן איז אָנגעקומען אַ בריוו פון די אָנפירנדיקע חברים פון „אוניאָן" — זיידערמאַן, סאַבינאַ בראַנדעל, נעמאַנאַ-וויטש און אנ"ד, אַז צוליב דער אַנטי-ישראלדיקער שטעלונג פון „או-ניאָן" און „די נייע פרעסע", רייסן זיי איבער מיטן „אוניאָן" און מיט דער צייטונג.

ס'זענען אויך געמאַכט געוואָרן באמיאונגען צו פאַרשטאַרקן די אַנוועזנהייט פון דער „פּראָגרעסיווער יידישער אָרגאַניזאַציע" אין די אַראַנדיסמאַנען (קוואַרטאַלן), כדי אַריינצוציען די יידן אין דער פּאָליטיש-קולטורעלער טעטיקייט.

צו דער 20טער יאָרצייט פון דערמאָרדן אין ראַטן-פאַרבאַנד דעם גרויסן קינסטלער שלמה מיכאָעלס, איז דעם 2טן פעברואַר 1968 דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסער אָוונט, מיט העכער 400 אַנטיילנעמערס. עס זענען אַרויסגעטרעטן: יידל ראָזענפעלד; דער רעזשיסער און שרייבער, געוועזענער שילער אין דער סטודיע פון מיכאָעלסן, יוסף שיין; משה זאַלצמאַן. מיר זענען אויך פאַרבעטן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין די צוגרייטונגען צום איינהייטלעכן קאָנגרעס פון דער פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן. אַרום דעם איז פריער פאָרגעקומען אַ ברייטע דיסקוסיע אויף עטלעכע זיצונגען. אין דער אמתן, האָט דער קאָנגרעס פון דער פעדעראַציע זיך גע-דאַרפט אָנרופן: באַנייאונג, אַנשטאָט איינהייט, ווייל די פעדעראַ-ציע האָט זיך פולשטענדיק געהאַט אָפּגעריסן פון די לאַנדסמאַנ-שאַפטן. כדי קלאָר צו מאַכן, פאַר וואָס ס'איז אַזוי געשען, איז וויכטיק צו געבן אַ געשיכטלעכן איבערבליק פון דער פעדעראַציע און די לאַנדסמאַנשאַפטן (אָדער „סאָסיעטעס", ווי זיי רופן זיך).

## אַ ביסל געשיכטע וועגן די לאַנדסמאַנשאַפטן

ביי די ערשטע אימיגראַנטן פון מזרח אייראָפּע, ווען זיי זענען מיט יאָרן צוריק געקומען, אָדער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין פּאַריז, אָפּגעריסן פון זייערע אַלטע היימען, אין דער פרעמדער סביבה,

איז געווען אַ נאַטירלעכער דראַנג צוריק אויפצובויען אַ היימיש ווינקל פון לאַנדסלייט, ווו איינער האָט געהאָלפן דעם אַנדערן. איז טאַקע אַנשטאַנען אַ הילפס-טעטיקייט, און גאָר באַזונדער — צו ברענגען אַ לאַנדסמאַן, נאָך דער פטירה, צו קבר ישראל, וואָס האָט געשאַפן די ערשטע באַזע פאַר צונויפבינדן די מיטגלידערשאַפט פון דער סאָסיעטע, דורך אויפבויען אַ קאָלעקטיוון „קאַוואַ", ווי אויך געבן הילף די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער פון אַן אייגענער ליי-קאַסע, אויפנעמען אַ „גרינעם", אַ ניי-געקומענעם לאַנדסמאַן. כדי אַ סאָסיעטע זאָל האָבן אַ לעגאַליזירטן סטאַטוט, האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ פראַנצויזישן בירגער. דאָס האָט געשאַפן די פאַרבינדונג מיט די עלטערע אימיגראַנטן, וואָס האָבן שוין באַוויזן עקאָנאָמיש זיך איינצואָרדענען און נאַטוראַליזירן. האָט זיך ביי זיי דערוועקט דער סענטימענט פאַר דער שטאָט, פאַרן שטעטל, פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט; און אויך — ד'אָס ביסל כבוד צו באַקומען אַ פרעזידענטן-טיטל. צווישן די אַרויפגעאַרבעטע יידן איז עס געווען אַ גאַנצער כבוד, איבער וועלכן ס'זענען אָפט אויסגע-בראָכן מחלוקתן.

די אויטאָכטאָנע פראַנצויזישע יידן האָבן זיך גרופירט אַרום דער אסימילאַטאָרישער קאָנסיסטאָריע און ווייניק געהאַט צו טאָן מיט די אימיגרירטע יידן. די ערשטע לאַנדסמאַנשאַפטן זענען געג-רינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1856. אין 1939, ערב דער מלחמה, האָבן אין פראַנקרייך שוין עקזיסטירט איבער 200 לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן אַרומגענומען אַ 20 טויזנט משפחות. אין 1926, האָבן צוויי פערזענלעכקייטן — ישראל יעפרויקין, אַ מענטש מיט אַ לאַנגיעריקער געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג, אַן אַקטיווער טוער פון דער פאָלקס-פאַרטיי אין לעטלאַנד, און מאַרק יאַרבלום, אָנפירנ-דיקער טוער פון פועלי-ציון, אויך טעטיק אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, געשאַפן די ערשטע פאַראייניקונג פון די סאָסיעטעס — די פעדעראַציע פון יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן. אַ סך האָט צו דעם צוגעהאָלפן די יידישע פרעסע אין פּאַריז. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס-הויז אין סאַמע צענטער פון שטאָט, נאָענט צום פלאַס רעפובליק. אַהין זענען געקומען די טוערס פון די סאָסיע-

טעס אָפּצוהאַלטן זייערע זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצן, אַנשטאָט זיך טרעפן אין די קאַפע-הייזער.

אין יענע יאָרן האָט די פעדעראַציע אַנטוויקלט אַ גרויסע געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע טעטיקייט, אַ בילדונג-קרייז, אַ צוגאָב-שול, ווו ס'האָבן געלערנט איבער 300 קינדער. אין אונטערשייד צו די קאָנסיסטאָריע צוגאָב-שולן, וואָס זענען געווען רעליגיעזע, האָט מען אין די פעדעראַציע-שולן אויך געלערנט יידישע געשיכטע, ליטעראַטור. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאָלקס-אוניווערסיטעט, אַ ביבליאָטעק. אין יאָר 1935 האָט מען בלויז פאַר הילף-טעטיקייט אויסגעגעבן 3 מיליאָן פראַנק — צוויי מאָל מער ווי ס'האָט אויסגעגעבן די רייכע קאָנסיסטאָריע. אָבער די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג פון דער פעדעראַציע מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן, איז געווען אַ לויזע. אַפילו אין סאַמע בלי-פעריאָד, איז זי געווען אין אַ פליסיקן צושטאַנד. אין 1934 האָט זי גרופירט אַרום זיך אַרום 90 סאָסיעטעס. ס'איז געווען אַ לאַנגיאָריקע טראַדיציע ביי די סאָסיעטעס צו זיין אויטאָנאָם, זאָרגן בלויז פאַר די אינערלעכע אינטערעסן, אַנשטאָט צענטראַלע, אַלגעמיינע אינטערעסן פון גאַנצן ישוב. ס'האָט אויך עקזיסטירט אַ גייסטיקער תהום צווישן די פירערס פון דער פעדעראַציע מיט די סאָסיעטע-טוערס, מיט זייערע פרעזידענטן, לרוב אַרויפגעאַרבעטע יידן, מיט גבירישער חוצפּה און קנאַפּע געזעלשאַפטלעכע השגות.

דער אימיגראַציע-שטראָם פון די דרייסיקער יאָרן, דער דור וואָס האָט דירעקט און אומדירעקט אָנטייל גענומען אין שטורמישן, פּאָליטיש-פּאַרטייאישן קאַמף אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, ליטע, רומעניע — זיי איז די סטרוקטור פון די עקזיסטירנדיקע לאַנדסמאַנשאַפטן געווען גייסטיק פרעמד, אַ סך מאָל פיינטלעך. די מערהייט האָט, ווי אין דער אַלטער היים, זיך גרופּירט לויט זייערע פּאַרטייאישע סימפּאַטיעס. דער מעדעם-קלוב האָט געציילט אַ 500 מיטגלידער, אַ ביסל ווינציקער — די פּועלי-ציון. אָבער דער עיקר איז אויפגעוואָקסן די קאָמוניסטישע און פּראָ-קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע. צווישן יענע איינוואַנדערערס איז געווען גרויס, פּראָפּאָרציאָנעל, די צאָל פּאָליטישע עמיגראַנטן, מיט אַ לאַנגיאָריקער, געזעל-

שאַפטלעכער דערפאַרונג. פאַראַלעל צו די שטאָט-לאַנדסמאַנשאַ-פטן, זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פאַטראָנאַטן איבער פּאָליטישע אַרעסטירטע אין די תפיסות אין פוילישע שטעט און שטעטלעך. אין יאָר 1935 האָט די יידישע סעקציע ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געוואָרפן די לאָזונג: „מיטן פּנים צו פראַנקרייך"! (ד. ה., אַנטייל נעמען אין פּאָליטשן קאַמף אופן אָרט). די פאַטראָנאַטן האָבן אָנגעהויבן זיך פאַרוואַנדלען אין לאַנדסמאַנשאַפטן. אין 1936, אויף דער ערשטער יערלעכער קאָנפערענץ, זהאָבן זיי געהאַט מיט זיך 70 לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע האָבן געבילדעט דעם „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן". אין קעגנזאַץ צו דער פעדעראַציע, איז די אָנפירערשאַפט געווען אַ יונגערע, אַ דינאַמישע, ס'איז געווען אַ מער פערמאַנענטע פאַרבינדונג מיט דער באַזע — די פשוטע סאָסיעטע-יידן, וואָס האָבן אין ניי-געשאַפענעם צענטער זיך געפילט היימישער, נענטער.

נאָך די בלוטיקע יאָרן פון דער צווייטער וועלט-מלחמה, האָט דער „פאַרבאַנד" באַוויזן גאַנץ שנעל אויפסניי צו קאָנסאָלידירן און איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט די אַנטשטאַנענע לאַנדסמאַנ-שאַפטן פון דער שארית הפליטה. די פעדעראַציע האָט אָבער נישט באַוויזן צו שאַפן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג מיט די נייע לאַנדסמאַנשאַפטן, הגם זיי האָבן טיילווייז געפירט אַ קאָנסטרוק-טיווע טעטיקייט, ווי אַ באַנק, וואָס האָט געגעבן הלוואות נויטבאַ-דערפטיקע, אַ קינדער-היים, אַ ביבליאָטעק, אַ יורידישע, אומזיסטע שטעלע, אַן עלטערן-היים — ווייל די לאָקאַלן וועלכע זיי האָבן געעפנט זענען געווען ווייט פון יידישן צענטער.

די לאַנדסמאַנשאַפטן וואָס האָבן נישט געוואָלט שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער קאָמוניזירטער אָנפירונג פון פאַרבאַנד, האָבן געפירט זייער אַרבעט לגמרי זעלבשטענדיק. די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט האָבן זיי געפירט אין קאַפע-הייזער, אין יידישע רעסטאָראַ-נען, צי אין די לאָקאַלן פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, אין שטריקער-צערקל, און גאָר באַזונדער — אין לאָקאַל פון פועלי-ציון.

אין די דראמאטישע טעג פון דער זעקס-טאָגיקער מלחמה,

בעתן געוואַלדיקן אויפברויז און דערוואַכונג פון פאַריזער יידישן ישוב, האָט זיך נאָך בולטער געפילט די נויטווענדיקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ צענטראַלער אָנפירעשאַפט. אָבער די „פעדעראַ-ציע" איז געשטאַנען אויסער די אַלע גרויסע געשעענישן, נישט דערפילט איר נאַציאָנאַלע ראָל. די דינאַמישע טעטיקייט פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע האָט נישט ווינציק אינספּירירט די פעדעראַציע-פירערשאַפט צונויפצורופן דעם קאָנגרעס, מאַכן אַן אָנהייב פון באַנייען איר טעטיקייט, וואָס איז ביז דעמאָלט געב-ליבן פאַרגליווערט. אַן אָנגעזעענעם פאַרדינסט אין אָרגאַניזירן מיט דערפאָלג דעם קאָנגרעס פון דער פעדעראַציע, האָט געהאַט דער אָנפירנדיקער חבר פון לינקע פועלי-ציון — מרדכי לערמאַן.

אונדזער אָנטייל אין קאָנגרעס האָט אַרויסגערופן שאַרפע מיינונג-פאַרשידנהייטן. אַלע זענען אין פּרינציפּ מסכים געווען, אַז מיר דאַרפן העלפן מיט אונדזער טעטיקייט אין אַ צאָל לאַנדס-מאַנשאַפטן, זיי זאָלן געבן זייער אָנשלוס אין קאָנגרעס, באַזונדער די, וואָס האָבן איבערגעריסן מיטן „פאַרבאַנד".

אַ טייל חברים זענען געווען קעגן דעם אָפיציעלן אָנשלוס אין קאָנגרעס, ווייל די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע איז און דאַרף זיין אַן אַפּאָליטישע. אונדזער אויפגאַבע איז: ווירקן אויף די וואָס זענען נאָך אָנגעשלאָסן אין די קאָמוניזירטע געזעלשאַפטן, און באַזונדערס — די צווייפלערס, וואָס זייער אָנשלוס וועט זיין אַ פּסיכאָלאָגישע שטערונג, מיר זאָלן קענען דינען ווי אַ מוסטער פאַר זייער אידעאָלאָגישן גלייכגעוויכט. אַ טייל חברים האָבן געשע-טיצט די שטעלונג פון „אַרבעטער-רינג", אַז אויב דער קאָנגרעס דאַרף אויפבויען דעם פונדאַמענט, רעאַליזירן די אידעע פון ישראל יעפּרויקין צו פאַרוואַנדלען דעם צענטער פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַ קהילה, לויטן מוסטער פון אַרגענטינער ישוב, דאַרף מען אַריינברענגען אַ נייעם דעמאָקראַטישן גייסט, ענדערן די גאַנצע סטרוקטור פון שיקן פאָרשטייער, אויסוויילן די אָנפירערשאַפט לויט פּראָפּאָרציאָנעלע, דעמאָקראַטישע וואַלן. די מערהייט איז אָבער געווען פאַר אָנשליסן זיך אין קאָנגרעס, וואָס זיין הויפּט-לאָזונג איז געווען: באַדינגונגסלאָזע טריישאַפט צו ישראל.

ס׳זענען אויסגעטיילט געוואָרן עטלעכע חברים מיטצואַרבעטן מיטן אָרגאַניזיר-קאָמיטעט. מען דאַרף פעסטשטעלן, אַז די פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע און די פאָרשטייער פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן איבערגעריסן מיטן „פאַרבאַנד״, זענען געווען די אַקטיווסטע ביים צוגרייטן דעם קאָנגרעס.

אין דער באַנייטער אָנפירונג, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויפן קאָנגרעס, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. אַנשטאָט דעם לאַנגיאָריקן גענעראַל-סעקרעטאַר קלאָד קעלמאַן, איז באַשטימט געוואָרן דער פאָרשטייער פון „העבודה״, מרדכי לערמאַן. אַלס פאָרזיצער — ד״ר יעפּרויקין, און צווישן די אַזש זיבן וויצע-פאָרזיצערס — צוויי פאַרטרעטער פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע: קאַראַליצקי און דייטלבוים. (קלאָד קעלמאַן איז געווען פאָרזיצער פון די יידישע קהילות אין אייראָפּע און ביוראָ-מיטגליד פון „קריף״ — רעפּרעזענטאַטיווער יידישער ראַט).

לכבוד דעם דערשיינען פון ערשטן נומער „פאַריזער העפטן״ (וואָס איז פינאַנסירט געוואָרן פון חיים קערבער), איז פאָרגעקומען אַן אָוונט אין האָטעל „מאָדערן״, מיט העכער 400 אָנטיילנעמערס. דעם פאָרזיץ האָט געפירט דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל, דער שרייבער ב. שלעווין. מיט באַגריסונגען און לייענען זייערע שאַפונגען, זענען אַרויסגעטרעטן: אַברהם בערן, משה וואַלדמאַן, רבקה קאָפּע, ק. בענעק, י. מאַניטש. זיי אַלע האָבן אונטערגעשטראָכן די פּאָזיטיווע באַדייטונג פון דער ליטעראַריש-פּאָליטישער צייטשריפט — „אַ פּאָזיציע, וואָס דאַרף שטאַרקן די יידישע קולטור, די יידישע ליטעראַטור״ — ווי ס׳האָט דערקלערט ב. שלעווין אין זיין איינלייטונג. דאָס יידישע שאַפן איז אַ פּראָדוקט פון דער אונטערגעגאַנגענער שטעטל-ציוויליזאַציע. פּונקט ווי אונדזערע פאָרגייערס, דאַרפן מיר, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, פאָרעמען און קנעטן די לעבעדיקע ווירקלעכקייט, שאַפן סימבאָלן און ווערטן פאַר דער יידישער אייביקייט״.

יענער אָוונט, ווי דער ערשטער נומער „פאַריזער העפטן״, האָבן באַקומען אַ זייער וואַרעמען אָפּרוף אין יידישן פּאַריז. אין איין חודש איז כמעט די גאַנצע אויפלאַגע (1000 עקזעמפּלאַרן)

פאַרקויפט געוואָרן דורכן אַקטיוו פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַ-ניזאַציע, וואָס האָט געשאַפן די פינאַנסעלע באַזע אַרויסצוגעבן וואָכנטליכע נומערן. ס׳איז געווען אַן איינשטימיקייט, אַז די צייט-שריפט אונטערליגט פּאָליטיש און פינאַנסיעל דער אָרגאַניזאַציע. צום רעדאַקטאָר שלעווין זענען צוקאָאָפּטירט געוואָרן: די דיכטע-רין טאַניע זיסמאַן, סאַמעק פינקעלשטיין, יידל זילבערבערג און מאַקס מעלמאַן.

ס׳איז אויך אַדורכגעפירט געוואָרן אַן ערשטער-מאַי אַקאַדע-מיע אין יאָר 1968, דאָס יאָר פון דער פאַרשאַרפטער אַנטי-יידן קאַמפּאַניע אין פּוילן, נאָכן ציניש אַרויסטריט פון ערשטן סעקרעטאָר פון דער פּאַרטיי, וו. גאָמולקאַ, וואָס האָט די רעשטלעך פון דריי-מיליאָניקן פּוילישן יידנטום באַצייכנט אַלס „פינפטע קאָלאָנע״. מיר האָבן אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף, איינגעאָרדנט אַ פּראָטעסט-מיטינג דעם 9טן מאַי אין גרויסן זאַל פון האָטעל „מאָדערן״, מיטן אָנטייל פון היסטאָריקער און אַנטי-נאַצי קעמפער דר. באָרוויטש, אַ גאַסט פון ישראל (פון קיבוץ חניתה) און מאַקס מעלמאַן. די אָנגענומענע רעזאָלוציע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער פּרעסע און איבערגעשיקט געוואָרן צום פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז.

„מיר, עטלעכע הונדערט יידן אָפּשטאַמיקע פון פּוילן, וואָס אַ סך פון אונדז האָבן מאָראַליש געשטיצט דאָס פאָלקס-דעמאָקראַטישע פּוילן, און אַ טייל פון די אַנטיילנעמערס האָבן אַקטיוו געהאָלפן בויען דאָס נייע פאָלקס-פּוילן, דריקן אויס אונדזער שווידער צו דער איצטיקער רעגירונגס-פּאָליטיק פון פּוילן, וואָס איז, ווי אין די ערגסטע צייטן פון שוואַרץ-מאַהדיקן צאַריזם און טרויעריקסטן סטאַליניזם. מיר ווענדן זיך צו דער פּוילישער רעגירונג תיכף אָפּצושטעלן די אַנטי-סעמיטישע העצע קעגן יידן, געפירט אונטערן דעקמאַנטל פון אַנטי-ציוניזם״.

דער נאַציאָנאַלער אויפבראויז און אויפוואַכונג פון פּאַריזער יידישן ישוב נאָך דער זעקס-טאָגיקער מלחמה, האָט אויך געהאַט אַ פּאָליטישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע אויסווירקונג אויפן „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן״, אַן אָפּגעשוואַכטע צוליב דעם, וואָס אַ רייי לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן מיט אים איבערגעריסן די אָרגאַני-זאַציאָנעלע פאַרבינדונג. די פּראָ-ישראלדיקע שטימונגען ביי דעם

רוב לאַנדסמאַנשאַפטן, האָבן אַרויסגערופן רייבונגען אין דער אָנ-
פירערשאַפט. דער סיכסוך צווישן „פאַרבאַנד" מיטן „אוניאָן", צולי-
בן ריווח פון דער פּאָליקליניק (וואָס איז פאַקטיש געשאַפן געוואָרן
דורכן „פאַרבאַנד"), האָט גורם געווען דערצו, אַז אַלפרעד גראַנט,
לאַנגיאָריקער גענעראַל-סעקרעטאַר (וואָס איז, אַגב, געבליבן טריי
דער סטאַליניסטישער ליניע) — זאָל אַוועק פון דער אָנפירונג. אים
האָט פאַרביטן דער סינדיקאַלער טוער קאַראָל, וועלכער איז שוין
אַ ריי יאָרן געווען פּאָליטיש נישט אַקטיוו. די ביוראָ-מיטגלידער
פון „פאַרבאַנד" האָבן זיך גענומען אָריענטירן אויף דער ישראל-
דיקער מק"י.

עס זענען אויך געווען רייבונגען מיט דער „נייע פּרעסע",
וואָס איז עפנטלעך געקומען צום אויסדרוק אויף דער יערלעכער,
נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון די פריינט פון דער צייטונג. די אָנ-
פירנדיקע טוערס פון „פאַרבאַנד" האָבן קריטיקירט די רק"ח-איינש-
טעלונג פון די „נייע פּרעסע" צו מדינת ישראל, ווי צו די אַנטי-
סעמיטישע געשעענישן אין פּוילן.

נאָכן ריזיקן דערפאָלג פון אָוונט אין גרויסן זאַל פון דער
„מיטיאַליטע", ווו ס'איז אַרויסגעטרעטן דער מנהיג פון מק"י, ד"ר
משה סנה, טראָץ דעם מעטראָ-שטרייק אין יענעם טאָג, האָט זיך
אָנגעהויבן אַ גרויסער מיינונגס-אויסטויש אין דער פּראָגרעסיווער
אָרגאַניזאַציע וועגן דער באַציאונג צום „פאַרבאַנד", ביי דער געענ-
דערטער פּאָליטישער אָריענטאַציע. ס'איז געווען אַ מיינונג, אונטער-
געהאַלטן פון י. פּערלמאַן, מיטגליד פון „פאַרבאַנד"-ביוראָ און
גלייכצייטיק אַ מיטגליד אין דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, אַז
מיר טאָרן נישט אַריין נעמען אין איין זאַק דעם „אוניאָן" מיטן
„פאַרבאַנד". מיר דאַרפן זוכן אַ וועג צו קאָאָפּערירן מיטן לעצטן,
ווייל זיין פּראָ-ישראלדיקע שטעלונג איז אַן אויפריכטיקע. זיי האָבן
אפילו געהאַט באַשלאָסן, אַז אויב די „נייע פּרעסע" וועט פאַרזעצן
זייער אומערלעכע אַנטי-ישראל שטעלונג, וועלן זיי נישט אַנטייל
נעמען אין דער זאַמלונג פאַר דער צייטונג. אָבער די חברים וואָס
זענען פריער געווען נאָענט צום „פאַרבאַנד", האָבן נאָך אַלץ
געהאַלטן, אַז ס'איז אַ פּאָליטישער מאַנעווער אָפּצוווענדן די

אומצופרידנקייט, וואָס הערשט ביי די מיטגלידער צום „אוניאָן" און „נייע פּרעסע" און אַז מיר דאַרפן אין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע אַרונטעררייסן זייער טאָפּלטע שפּיל. דער קעגנזייטיקער אומצוטרוי האָט, ליידער, אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן פּעריאָד.

דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז אין מאַי 1968 פון דער סטודענטן-יוגנט אין גאַנצן לאַנד, פּאַר אַ רעפאָרם אין די לערן-אַנשטאַלטן, האָט גלייכצייטיק אַרויסגערופן אַ ספּאָנטאַנע מאַסן-שטרייק-באַוועגונג, וואָס האָט פּאַראַליזירט די גאַנצע ווירטשאַפט אין פראַנקרייך. עס זענען אויפגעקומען נייע, פּאָליטישע כוחות. ווי האָט געשריבן ראָזאַ לוקסעמבורג: „איין טאָג פון רעוואָלוציאָנע-רן קאַמף, מאַכט מער רייף די מאַסן, ווי צענדליקער יאָרן פּראָפּאַ-גאַנדע". צוגלייך דערמיט זענען אַנטשטאַנען לינקיסטיש-אַוואַנ-טוריסטישע באַוועגונגען, באַגלייט מיט אַנטי-ישראלדיקע און אַנטי-סעמיטישע אַספּעקטן. די סאָרבאָנע, דער צענטער פון רעוואָלוציאָ-נערן שטאַב, איז געוואָרן אַ צענטער פון די אַל-פּאַטאַך-לייט. די לינקע יידישע סטודענטן, צוזאַמען מיטן „משמר" ביים צערקל בער-נאַר לאַזאַר, האָבן זיך באַמיט קעגנצווווירקן אָט דעם מוטנעם שטראָם. אין די דראַמאַטישע טעג איז אויך געווען אַ פּרווו צו אָרגאַניזירן אָנפאַלן אויף די יידן אין דער געגנט פון בעלוויל, ווו ס'זענען קאָנצענטרירט יידן, אָפּשטאַמיקע פון טוניס און אַלזשיריע. ס'האָבן זיך באַוויזן בלעטלער און פּלאַקאַטן קעגן די יידן-הענדלערס פון רי סאָנטיע, רי טירבירגאָ, ווו די מערהייט געשעפטן געהערן צו דער באַקלייד- און טריקאָ-בראַנזשע, לרוב יידן.

די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע איז געווען די איינציקע אין יידיש-רעדניקן סעקטאָר, וואָס האָט אין די גורלדיקע טעג גערופן אַ מאַסן-פאַרזאַמלונג וועגן דער לאַגע אין לאַנד. אויסער די חברים פון קאָמיטעט, זענען אויף דער פאַרזאַמלונג אַרויסגעטרעטן צוויי קאַנדידאַטן צו די פּאַרלאַמענט-וואַלן אין 10טן אַראַנדיסמאַן. פון די גאָליסטן — דער יידישער קאַנדיזאַט מאַרקוס, און אַ קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אין נומער 2 „פּאַריזער העפטן" איז געווען אַ גרעסערע אָפּשאַ-צונג וועגן די סטודענטן-אומרוען און דער שטרייק-באַוועגונג.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצונוצן די וואַקאַנס-צייט, ווען מען טרעפט יידן אין די קוראַציע-שטעטלעך, ווו אויסער פון פּאַריז, קומען זיי אויך פון דער פּראָווינץ און פון בעלגיע, וואָס שאַפט פאַרבינדונגען, און העלפט ווערבירן אַבאָנענטן פאַר דעם זשורנאַל. אונדזערע חברים אָרגאַניזירן אויף די ערטער עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, קולטור-אונטערנעמונגען, געלט-זאַמלונגען פאַר ישראל צו פּאָפּולאַריזירן דעם געדאַנק, אַז יעדער דאַרף שפּענדן פאַר ישראל אַ סומע וואָס אים קאָסט די קוראַציע איין טאָג.

מיר האָבן באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ, וואָס איז גערופן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון „בונד״, מיטן אָנטייל פון די פּאַרטייען „העבודה״ און מפ״ם. מיר האָבן זיך אויך באַטייליקט אין גרויסן מיטינג קעגן דער סאָוועטישער אינוואַזיע, באַזאַמען מיט די לענדער פון וואַרשעווער פּאַקט, אין טשעכאָ-סלאָוואַקיי. אויפן מיטינג איז אַרויסגעטרעטן דער פּועלי-ציון מנהיג פון ישראל, משה ערעם און אַ פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אין דער זעלבער צייט, איז אונטערן דעקמאַנטל פון אַנטי-ציוניזם אויפגעהויבן געוואָרן אין פּוילן אַ ווילדע, אַנטיסעמיטישע העץ-קאַמפּאַניע, געפירט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון מלוכה׳שן אַפּאַראַט, באַגלייט מיט עקאָנאָמישע סאַנקציעס קעגן אָרטיקן קליינעם יידישן ישוב, הגם ר׳איז אין גרעסטן טייל באַשטאַנען פון אַלטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי-טוער און סימפּאַטיקער. עס זענען ליקווידירט געוואָרן די יידישע קאָאָפּעראַטיוון און ווערקשטאַטן, וועלכע זענען אויפגעבויט געוואָרן מיט דער פינאַנסיעלער מיט-הילף פון „דזשאָינט״. אין די לעצטע יאָרן, אין ליבעראַלן פּעריאָד פון גאָמולקאַ-רעזשים, האָט דער „דזשאָינט״ אַריינגעפירט 3 מיליאָן 600 טויזנט דאָלאַר, אויסער מאַשינען און רוישטאָפן. אַ דאַנק דער הילף, האָבן די יידישע קאָאָפּעראַטיוון געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פּראָדוצירן. די יידישע אינטעליגענץ איז באַזייטיקט געוואָרן פון אַלע אַמטן. יידישע סטודענטן זענען באַזייטיקט געוואָרן פון די אוניווערסיטעטן. ביי די אַלטע פּאַרטייער זענען צוגענומען געוואָרן

די עלטער-פּענסיעס. פיזיש און מאָראַליש צעבראָכן, אין אַ פּאָג-ראָם-אַטמאָספער, האָט זיך אָנגעהויבן דער גירוש פון פּוילן.

דעם 24סטן אָקטאָבער 1968 האָבן, מיר אָרגאַניזיט אַ פּראָטעסט-פאַרזאַמלונג, אונטערן פאָרזיץ פון דר. וואַלער, געוועזענער שפּאַ-נישער קעמפער. אין פּוילן איז ער געווען דער פירער פון די לינקע סטודענטן אין לאָדזש. מיט אַן אויספירלעכן רעפעראַט וועגן דער לאַגע אין פּוילן, איז אַרויסגעטרעטן דוד קלין, אַ קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ און בעתן פּוילישן אויפשטאַנד אויף דער „אַרישער זייט". נאָך דער אָקופּאַציע, איז ער געווען קאָלאָנעל אין דער פּוילישער אַרמיי. אויך דער שרייבער פון די שורות איז אַרויסגעטרעטן.

די עליה-אָפּטיילונג ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט אין ווין איינגעאָרדנט אַן אויפנעם-פּונקט פאַר די יידן, פאַרטרי-בענע פון פּוילן. אַ דעלעגאַציע פון די יידישע קהילות אין מערב-אייראָפּע, אָנגעפירט פון קלאָד קעלמאַן, האָט באַזוכט דעם אויפ-נעם-פּונקט, כדי דערמוטיקן און אויסדריקן סאָלידאַריטעט אין נאָמען פון מערב-אייראָפּעישן יידנטום. אויך דער סעקרעטאָר פון „פאַרבאַנד" פון די יידישע געזעלשאַפטן האָט באַזוכט דעם אויפ-נעם-פּונקט — און הונדערטער יידן אין פּאַריז זענען געקומען אויסהערן זייערע באַריכטן, אויסגעדריקט סאָלידאַריטעט און זיך פאַרפליכטעט פינאַנסיעל און מאָראַליש צו שטיצן די אויסגעוויזענע יידן פון פּוילן.

מיטן שאַפן זיך פון פּאָלקס-קאָמיטעט אָנצופירן מיט דער זאַמל-אַקציע לטובת דעם פאַרייניקטן אַפּיל אין פראַנקרייך, האָט די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע געגעבן דערצו איר צושטימונג. אויסער דעם זענען אַלע אירע מיטגלידער געוואָרן פאַרפליכטעט צו מאַק-סימאַלער אַקטיוויטעט אין זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן און העלפן ווערבירן פרייוויליקע זאַמלערס. די אָרגאַניזאַציע דאַרף פירן די זאַמל-אַקציע זעלבשטענדיק און זיין באַזונדערס אַקטיוו ביים שאַפן קאָמיטעטן אין די קוואַרטאַלן. מיר האָבן פאָרגעלייגט דער פעדעראַ-ציע פון די יידישע געזעלשאַפטן זי זאָל אָרגאַניזירן אַ שטילע דע-

מאָנסטראַציע פאַרן פוילישן קאָנסולאַט, פאַר דער אַמבאַסאַדע אין פאַריז, קעגן דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע אין פוילן.

דאָס יאָר 1968 האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ ברייטער פּאָליטי־שער און קולטור־טעטיקייט. עס זענען דערשינען 4 נומערן „פּאַרי־זער העפטן". דער פּאָליטישער טייל איז צוגעשטעלט געוואָרן פון די קאָמיטעט־מיטגלידער, און דער ליטעראַרישער — פון דער גרופּע שרייבער, וואָס האָבן איבערגעריסן מיט די קאָמוניסטן: ליטווין, שולשטיין, שלעווין, טאַניע זיסמאַן, ק. בענעק, אברהם בערן, פינער און אנדערע, אויך פון דער גאָרער וועלט. מיר האָבן אָפּגע־שלאָסן דאָס יאָר מיט אַ באַנקעט מיטן אַנטייל פון פּראָפעסאָר דערטשאַנסקי, ב. שלעווין, די מאָלערין האַלינאַ אָלאָמוצקאַ. ס'איז געזאַמלט געוואָרן פאַרן מגבית אַ האַלבער מיליאָן אַלטע פראַנק. אויסער דעם איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סימפּאָזיום פון אַקטיוו, אויפצוקלערן ענינים און געפינען אַ טעאָרעטישן אָנשפּאַר פאַר קאָנסטרוקטיווע טעטיקייטן.

ליידער, וואָס מער מ'האָט געזוכט צו געפינען אַ סינטעז פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ און פּערספּעקטיוון צווישן די פּאַרא־נענע פּאָליטישע כוחות אין יידישן לעבן אין פראַנקרייך, אַלץ מער סתירהדיק איז אַיינער געוועזן מיטן צווייטן. דער סימפּאָזיום איז געקומען צום אויסדרוק אין נומער 5 „פּאַריזער העפטן". איך וועל בקיצור איבערגעבן די מיינונגען פון אייניקע אַנטיילנעמערס:

חבר פינקעלשטיין האָט אַרויסגערוקט די טענה, אַז מיר האָבן נאָך ביז איצט נישט דערשאַצט דעם גרויסן ביישטייער פון באָראָ־כאָוויזם אין זיין ריכטיקן אַנאַליז פון דער לאַגע פון יידישן פאָלק. יידל ראָזנפעלד, — אַן אַלטער קאָמוניסטישער טוער פון וואַרשע נאָך פון אָנהייב פון די 20קער יאָרן, פרעגט אָפּ די טעזע, אַז מיר האָבן ביז איצט נישט דערלערנט און דערשאַצט דעם באָראָכאָוויזם: „אויב די חברים שטייען אויף דעם שטאַנדפּונקט, טאָ פאַר וואָס נישט מאַכן קיין פּראַקטישן אויספיר? עקזיסטירן דאָך אין ישראל צוויי אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס טראָגן אויס די לאַסט פון אָנפירן מיט דער מדינה און טעאָרעטיש שטיצן זיי זיך אויפן באָראָכאָוויזם. ס'וועט אויך נישט זיין דער פולער אמת, אַז נאָר דאָס פּראָבלעם

ישראל און די איצטיקע פיינטלעכע פּאָליטיק פון קאָמוניסטישן בלאָק צו ישראל, האָט דערוויטערט ערלעכע יידישע אַרבעטער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. די אַנטוישונגען האָבן זיך ביי אַ טייל אָנגעהויבן נאָך אין די 30קער יאָרן, נאָך די גרויסע פּראָצעסן, מיטן אומברענגען די פירער פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, און נאָך דעם שענדלעכן מאָלאָטאָוו-ריבענטראָפּ אָפּמאַך. אונדזער טעטיקייט דאַרף גיין אין דער ריכטונג צו געווינען די וואָס האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין קאָמוניזם, פאַר מדינת ישראל, ווי אויך פאַרן ווויל פון יידן אומעטום, וווּ זיי געפינען זיך — נישט אין קאָנקורענץ מיט אַנדערע פּאַרטייען, נאָר זוכן אַלע וועגן צו קאָאָפּערירן מיט זיי״.

אַ ריי חברים רוקן אַרויס די פראַגע וועגן ענדערן דעם נאָמען „פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע״, בעת אַ טייל באַרעכטיקט דעם נאָמען, ווייל מיר לעבן אין אַ קלאַסן-געזעלשאַפט און מיר געהערן צו איר פּראָגרעשריטענעם טייל.

דער דיכטער אַברהם בערן איז בכלל נישט מסכים מיט דער מאַרקסיסטישער אַקסיאָמע, אַז מיר לעבן אין אַ תקופה פון קלאַסן-קאַמף. מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פון נאַציאָנאַלע, שאָוויניסטישע אויפטרייסלונגען. ער אילוסטרירט עס מיט די לעצטע געשעענישן אין פראַנקרייך. נאָך דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פון מאַי 1968, האָט דער רעכטער גאָליזם באַקומען אַ ריזיקע מערהייט ביי די פּאַרלאַמענט-וואַלן. קאַראָליצקי באַרעכטיקט דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע בלויז דערפאַר, וואָס מיר האָבן איבערגעריסן מיט די דאָגמאַטיקער, די בלינד-פאַרשטיינערטע יידישע קאָמוניסטן — און דערמיט געמאַכט אַ פּראָגרעסיוון שריט. מיר דאַרפן שטיין אויפן שטאַנדפּונקט פון אומבאַגרענעצטער צוגעבונדנקייט צו ישראל, אונטערשטיצן מיט אַלע אונדזערע מעגלעכקייטן אַלע אָן אויסנאַם באַוועגונגען, וואָס העלפן דער מדינה. בלויז די ישראל-בירגער זע-נען באַרעכטיקט פאַר אַ פּאָליטישן אויסוואַל.

יידל זילבערבערג האָט געזאָגט: „פאַר אונדז דאַרף דער סאָ-ציאַליזם זיין בלויז אַ סימבאָל פון הומאַניטאַרן, יידישן סאָציאַליזם, אויסגעהלומט פון די יידישע נביאים. נישט נאָר פאַרשפּרייטן ליבע

צו ישראל דאַרפֿן מיר, נאָר אויך איינפּלאַנצן יידישקייט, די פילאָ-זאָפיע פון יהדות״. שמואל אייזערשטיין האַלט, אַז מיר דאַרפֿן זיך קלאָר מאַכן, ווי ווייט מיר גייען מיטן ציוניזם און אונדזערע באַ-ציאונגען צו דער „עבודה״-פּאַרטיי, מפ״ם, „בונד״. דאָס וואָס מיר זענען מיטן גאַנצן האַרצן פֿאַר ישראל, הייסט נאָך נישט, אַז מיר דאַרפֿן מסכים זיין צו שטיצן אַלע שאַטירונגען אין ציוניזם, גאָר באַזונדערס — די באַוועגונגען וואָס שטייען נישט אויף דער גרונט-באַזע פון סאָציאַליזם. האַלינע עדעלשטיין איז ביי דער מיינונג, אַז מיר דאַרפֿן זיך נישט באַגנוגענען צו פירן אונדזערע טעטיקייטן בלויז ווי אַנטווישטע. מ׳דאַרף זוכן וועגן צוצוקומען צו דער יוגנט.

ס׳איז אויפֿסניי איבערגעוויילט געוואָרן דער סעקרעטאַריאַט. פּאַרזיצער — מאַרסעל קאַראַליצקי, סעקרעטאַר — משה זאַלצמאַן. מיטגלידער: דלוזשניעווסקי, סאַמעק פינקעלשטיין, סימאָן גאָלדבערג, שאַרל דייטלבוים. רעדאַקציע-קאָמיסיע: האַלינאַ עדעלשטיין, טאַניע זיסמאַן, יידל זילבערבערג, פינקעלשטיין. רעדאַקטאָר — ב. שלעווין. יידל ראָזנפעלד האָט אין זיין אַרויסטרעטונג דערמאָנט אַ פאַרש-וויגן קאַפּיטל וועגן אַ פאַרגעקומענער פאַרזאַמלונג פון קאָמוניסטן אין פּאַריז, וואָס האָט באַוויזן דעם רעוואָלוציאָנערן מוט פון די וואָס האָבן איבערגעריסן מיט דער פּאַרטיי נאָך די שוידערלעכע פּראָצעסן אין מאָסקווע.

די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז געווען אַ שווערע. פון איין זייט — דער וווקס פון באַדראָענדיקן, מיליטערישן כוח פון היט-לער-דייטשלאַנד; אין איטאַליע — די הערשאַפט פון מוסאָליני; דער בירגער-קריג אין שפּאַניע. פון דער צווייטער זייט — די פּאַרסמטע טעראָר-אַטמאָספער פון סטאַליניזם, דאָס אָנרייצן און העצן, גאָר באַזונדערס, קעגן די קאָמוניסטן וואָס האָבן געוואַגט איבערצורייסן מיט דער פּאַרטיי.

ווען די ידיעה וואָלט געקאָנט דערגיין צו אונדז, אין די סאָוועטישע טורמעס און שקלאַפן-לאַגערן — וויפל פרייד וואָלט דאָס פאַרשאַפן די קרבנות פון יענער תקופה, וויפל האָפענונג וואָלט דאָס אונדז געגעבן... די ידיעה, אַז ס׳האָבן זיך דאָך געפונען ערלעכע, דרייסטע קאָמוניסטן, וואָס דענקען זעלבשטענדיק און גלויבן נישט

אין די שקר-בילבולים — וואָלט פאַר אונדז געווען אַ דערמו-
טיקונג.

יידל ראָזנפעלד האָט אָנגערופן געוו. אַקטיוויסטן, ווי: שמעון
באָרנשטיין; לעאָן גדאַנסקי; איטשע פּאַלאַנטשיק; חיל ניימאַן —
אַ קולטור-טוער, געוועזענער סעקרעטאַר פון וואַרשעווער לעדער-
פאַריין אין די צוואַנציקער יאָרן, איינער פון די גרינדער פון קאָמ-
בונד; אַלעקסאַנדער מינץ, פון די צענטראַלע פּערזענלעכקייטן אין
דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, לאַנגע יאָרן מיטגליד אין
דער צענטראַלער יידישער ביוראָ, אַ פעיקער זשורנאַליסט, אָפּגע-
זעסן אַ סך יאָרן אין די פּוילישע תפיסות; שראַגער, זשורנאַליסט
און גלענצנדער רעדנער, אָנפירנדיקער טוער פון די יידישע קאָמו-
ניסטן אין פּאַריז; קובאַ גאָלדבערג, געוו. שילער אין קאָמוניסטישן
מערב-אוניווערסיטעט אין מאָסקווע, וואָס האָט געגרייט קאַדערן
פאַר די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. געווען אַקטיוו אין פּוילן, בעלגיע
און פּאַריז — וואָס די ווייט גרעסטע טייל פון זיי האָט זיך אָנגעש-
לאָסן אין דער בונדישער באַוועגונג. און אַחרון, אַחרון — דער
אַלטער, רעוואָלוציאָנערער טוער שאַרל (חנן) ראַפּאַפּאָרט, אַן
אָנגעזעענע פיגור אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטיש-קאָ-
מוניסטישער וועלט, איינע פון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן פון
יידישן פּאַריז. ער האָט געהאַט דעם כבוד נאָך צו געהערן צום דור
סאָציאַליסטן פון ערב „בונד" און אין 1885 האָט ער באַלאַנגט
צו דער יוגנט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָלאַ". אין יאָר 1887, נאָכן
פאַרענדיקן די גימנאַזיע אין ווילנע, איז ער געווען געצוווּנגען צו
עמיגרירן נאָכן אַדורכגעפאַלענעם אַטענטאַט קעגן צאַר אַלעקסאַנ-
דער דעם דריטן, אַ צוגעגרייטן אין ווילנע. אין יענעם פּראָצעס קעגן
די פאַרשווערער, איז געוואָרן אויפגעהאָנגען דער ברודער פון
לענינען.

אין פּאַריז האָט ער זיך דערנענטערט צום באַוווּסטן רוסישן
פילאָזאָף פּיאָטר לאַווראָוו. ראַפּאַפּאָרט האָט אים אין 1900 געזעגנט
ביים קבר, אין נאָמען פון פאַרבאַנד פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן.
אין ציריך האָט ער צוזאַמען מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקי געגרינדעט
דעם פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, פון

וועלכע ס'האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט די מעכטיקע עסערישע פּאַרטיי. ער איז געווען רעדאַקטאָר פון די ערשטע עלף נומערן, וואָס זענען דורך אומלעגאַלע וועגן איבערגעפירט געוואָרן קיין רוס-לאַנד. אין 1894 האָט ער פאַרענדיקט דער בערנער אוניווערסיטעט און באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר-פילאָזאָפיע. זיין דיסערטאַציע „וועגן מעטאָדן און הויפּט-ריכטונגען אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע" איז דערשינען אין רוסיש, דייטש און פראַנצויזיש. זייט 1899 איז ער געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער פראַנ-צויזישער סאָציאַליסטישער פּרעסע. אין 1915 איז דערשינען זיין בוך וועגן זשאַן זשאָרעס בנוגע דעם דרייפוס-פּראָצעס. אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט ער געשטיצט די שטעלונג פון זשאָרע-סן קעגן דער מערהייט פון זשיל געד, מיט לאַפאַרג בראש. די געשיכטע פון דרייפוסן, דריקט ער זיך אויס אין זיין אויטאָביאָגראַ-פיע, האָט אים דערמאָנט, אַז ער איז אַ ייד — און געוואָלט באַקומען זיין חלק יידישע צרות.

ראַפּאַפּאָרט האָט אַנטייל גענומען אין אַלע אינטערנאַציאָ-נאַלע קאָנפערענצן (און שטרייטן) פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען אין נאָענטע פאַרבינדונגען מיט פּלעכאַנאָוון, אַק-סעלראָדן, וויקטאָר אַדלער אאנ"ד. ער האָט געשטיצט די לינקע ריכטונג אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז געווען קעגן איר אַנטייל אין אַ בורזשואַזער רעגירונג. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער באַרימטער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ, ווו די מערהייט, מיט מאַרסעל קאַשען בראש, האָט אָנגענומען די 21 פּונקטן פון קאָמינטערן.

וועגן זיין באַציאונג צו יידן און יידנטום האָט ער אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן דערקלערט, אַז ר'איז פאַרבליבן אַן אינ-טערנאַציאָנאַליסט; אין די יוגנט-יאָרן איז ער געווען אַ קאָסמאָ-פּאָליט און וועגן דעם נישט וויינציק זיך אַרומגעריסן מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. אָבער פאַקטיש, האָט ער געהאַט אַ באַזונדערס וואַרע-מע באַציאונג צו די יידישע עמיגראַנטן. ער פלעגט אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן אויף זייערע פאַרזאַמלונגען. די עמיגראַנטן זענען דעמאָלט, לרוב, געווען אַנאַרכיסטיש געשטימט. אין די נייניציקער

יאָרן איז זייער סעקרעטאַר געווען. דער מאַן פון דער באַרימטער דייטשער קאָמוניסטישער פירערין — קלאַראַ צעטקין.

אויפן פאָרשלאַג פון ראַפּאָפּאָרטן, האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אין 1902, אַרויסגעגעבן צום ערשטן מאָל אַ וואַל-אויפרוף אין דער יידישער שפּראַך. אין די 30קער יאָרן האָט ער מיט זיין פּערזענלעכקייט באַשיינט די גרויסע, צענטראַלע צוזאַמענטרעפן, אָרגאַניזירט פון די יידישע קאָמוניסטן. ער איז אַרויסגעטרעטן אויף די גרויסע מיטינגען פון די פראַנצויזישע אַרבעטער, ווו מ׳האָט פּראָטעסטירט קעגן אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך, פּוילן, רומעניע און אַנדערע לענדער. ער האָט פיגורירט עטלעכע מאָל אויף דער קאָמוניסטישער ליסטע ווי אַ קאַנדידאַט צו די פּאַרלאַמענט-וואַלן.

ער איז געווען פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון דער מאָסקווער „איזוועסטיאַ" און זיך אויך געדרוקט אין דער „נײַער פּרעסע". זיין איבערייס מיט דער פּאַרטיי און מיט דער קאָמוניסטישער סבי-בה — אין טיפן עלטער — איז געווען אַן אַקט פון העראָישקייט. די גאַנצע קאָמוניסטישע פּרעסע האָט אויף אים געוואָרפן שמוץ, באַגלייט מיט אַלע „שיינע" עטיקעטן. די „נייע פּרעסע" האָט אַפילו געהאַט די חוצפּה אים צו באַשולדיקן אין אַרבעטן אינערהאַלב דער פּאַרטיי במשך פון צען יאָר, ווי אַ... קעגנער, דאָס הייסט — אין פּראָוואָקאַציע!

ד"ר זשיטלאָווסקי שרייבט וועגן אים: „צו ראַפּאַפּאָרטן האָט מיך געצויגן ניט נאָר זיין ערנסטער רעוואָלוציאָניזם, זיין, במעט באַקונישע רעוואָלוציאָנערע ליידנשאַפט, נאָר אויך זיין העלער, פרייער קאָפּ. נאָר ביי אים האָב איך געפונען יענעם גייסטיקן קוראַזש, וואָס קאָן נישט איינגעצוימט ווערן אין פּאַרגליווערטע דאָגמען. ער האָט געהערט צו יענע טיפן דענקער, וועלכע איך שאַץ צום העכסטן!"

ראַפּאַפּאָרט׳ס אַ תלמיד פון די יאָרן אין ווילנע, דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנער ראָזענבוים שרייבט אין זיינע זכרונות: „ראַפּאַפּאָרט האָט געשאַפן אַ גרופּע לערערס פאַר די בחורים, וואָס זענען אין יענע יאָרן געקומען זוכן אין ווילנע וויסן און ליכט; ער פלעגט גוט פאַרדינען פון געבן פּריוואַטע לעקציעס, אָבער אַליין געלעבט

אין אָרעמקייט. געטראָגן אָפּגעריסענע מלבושים. ער פלעגט דאָס גאַנצע פאַרדינסט אַוועקגעבן די אָרעמע יונגעלייט, וואָס זענען געקומען קיין ווילנע לערנען".

ראַפּאַפּאָרט איז געשטאָרבן איינזאַם און פאַרלאָזט. אין די היסטאָרישע שריפטן פון „ייווא", דערשינען אין 1942, איז אָפּגע-דרוקט זיין לעצט בריוול, געשריבן אויפן קראַנקן-בעט אין שפּיטאָל, אין שטעטל קאָהאָר (דעפּאַרטאַמענט לאָט).

„8טער אָקטאָבער 1941, טייערער פריינד... נישט זייענדיק פאַר-צווייפלט, דאַרף מען פאַרויסזען. איך וויל, אַז אויף מיין קבר זאָלן געזאָגט ווערן אַ פּאָר ווערטער פון אַ פאָרשטייער פון דער קהילה, אָדער פון אַ יידישער אָרגאַניזאַציע, דהיינו: ,שאַרל ראַפּאַפּאָרט שטאַרבט געטריי די סאָציאַלע, הומאַניטאַ-רע און דעמאָקראַטישע אידעען, וואָס ער האָט פאַרטיידיקט זיין גאַנץ לעבן. ער באַדויערט, וואָס ער האָט נישט געאַרבעט ספּעציעל פאַרן יידישן פאָלק. ער האָט געמיינט, אַז מיט זיין אַרבעט פאַרן אַלגעמיינעם מענטשלעכן פּראָגרעס, האָט ער אויך געאַרבעט פאַרן יידישן פאָלק, מיט וועלכן ער סאָלידאַריזירט זיך, וועלכן ער האָט ליב און האַלט אים טייער. ער האַלט, אַז די רדיפות אויף יידן זענען אַ גרויס אומגליק און חרפּה פאַר דער מענטשהייט און אַז סוף-כל-סוף וועט דער דאָזיקער... חטא פאַרשווונדן'.

טייערער פריינד — טייערער פריינד, איך האָב שוין לאַנג פאַר דעם געוואָלט שרייבן. איך נעם אייך אַרום, מיינע פריינד' !"

דער בריוו איז געשריבן צום פאָרשטייער פון יידישן וועלט-קאָנגרעס אין ניו-יאָרק.

ווען איך האָב געלייענט די ווידוי, האָב איך מיט טרערן נאָס געמאַכט דאָס פאַרגעלטע בלעטל פון די היסטאָרישע שריפטן און זיך גענומען די רעכט דאָס איבערצודרוקן.

דער סינדיקאַלער טוער לעאָן גדאַנסקי, האָט פאַרן טויט גערופן יידל ראָזענפעלד, אים געהייסן נעמען דעם תנ"ך אין יהואש'ס איבערזעצונג, וואָס איז געלעגן נעבן אים און געבעטן: „נעם דאָס פאַר זיך, ס'זאָל דיך דערמאָנען אין דעם חבר לעאָן גדאַנסקי".

גיב איך אָפּ כבוד די מענטשן, וואָס האָבן טיף און ווייטיקלעך

איבערגעלעבט זייערע אַנטוישונגען גענוי ווי מיר — אין די רוסיש-סאָוועטישע תפיסות און שקלאַפן-לאַגערן.

## קולטור־פּאָליטישע אונטערנעמונגען, „פּאַריזער העפטן"

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פולשטענדיקן געווער-עמבאַרגאָ פון דער פראַנצויזישער רעגירונג קעגן ישראל, אַלס שטראָף פאַר באַמבאַרדירן דעם עראָפּאָרט אין ביירוט, ווי אַן ענטפער אויף די טעראָר-אָנפאַלן פון די פּאַלעסטינעזער וואָס האָבן דאָרט זייערע באַזעס — איז דעם 7טן יאַנואַר 1969 אַדורכגעפירט געוואָרן אַ פּראָטעסט-מיטינג. אַלס גאַסט-רעדנער איז אַרויסגעטרעטן אַ מי-טאַרבעטער פון „על המשמר", פּראָפעסאָר אַריה שאַפּיראָ און אונדזערע חברים. מיר האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ קאַרטע מיט צוויי לידער — „התקוה" און „זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" — ביידע לידער אין יידיש און אין אַ פראַנצויזי-שער איבערזעצונג, דעם עמבלעם פון ישראל און דעם געטאָ-דענקמאָל אין וואַרשע. דער מאַסן-פאַרקויף פון דער קאַרטע האָט געהאַט אַ פּאָליטישן ציל און אויך געהאָלפן פינאַנסירן די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן אויך גערופן אַנטייל צו נעמען אין דעם פּראָטעסט-מיטינג, אָרגאַניזירט פון „קריף" און אין דער שטילער דעמאָנסטראַציע ביים מעמאָריאַל, דעם 2טן פעברואַר 1969, קעגן דעם יוסטיץ-מאָרד אין איראַק איבער ניין יידן, וואָס זענען עפנטלעך געוואָרן אויפגעהאָנגען.

אין די ערשטע טעג פון חודש מערץ איז פאָרגעקומען אַן אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון בוך פון יאַנקל פערלמאַן „דאָס יינגל פון דער קראָכמאַלנע", מיטן אַנטייל פון פּראָפעסאָר דער-טשאַנסקי און רעדאַקטאָר פון בוך, ב. שלעווין. מיר האָבן געמאַכט אַ פּרווו, אַז דער אָוונט זאָל זיין אַן איינהייטלעכער, און דעריבער זיך געוואָנדן צו דער קולטור-קאָמיסיע פון „פאַרבאַנד פון די יידי-שע געזעלשאַפטן". ליידער, האָבן זיי זיך נישט אָפּגערופן.

מיט אַ יום-טובדיקן אָוונט זענען אָפּגעצייכנט געוואָרן די צוויי היסטאָרישע דאַטעס — 9טער מאי און יום העצמאות. ערב די פּרעזידענט-וואַלן, האָבן מיר אַדורכגעפירט אַ סימפּאָזיום אויף דער

טעמע: „פֿאַר וועמען דאַרפֿן שטימען די יידישע ווייַלער?" מיטן אַנטייל פֿון פֿאָרשטייער פֿון „בונד" — חבר קאַנפֿער, פֿון „העבו-דה" — חבר לערמאַן, פֿון מפ"ם — ה. בולאַווקאַ, פֿון די „פּראָגרע-סיווע" — פינקעלשטיין.

די ביז דעמאָלט דערשינענע 5 נומערן „פּאַריזער העפֿטן", זענען זייער פּאָזיטיוו אויפֿגענומען געוואָרן אין דער יידישער וועלט. די „ישראל-שטימע" אין תל אביב האָט איר אָפּשאַצונג פֿאַרענדיקט מיט די ווונטשן: „אין אַ מזלדיקער שעה. תחזקנה ידיכם". „דער וועקער" אין ניו-יאָרק: „אין די נומערן ,פּאַריזער העפֿטן' זעט מען, איז אַ גאַנץ סאָלידע, לאָקאַלע אויסגאַבע". אין פּאַריזער „אונדזער וואָרט" האָט געשריבן י. קאָרנהענדלער: „מענטשן, וואָס האָבן זיך ענדלעך באַפֿרייט פֿון קאָמוניסטישן ליגן. זייער זאָרג — אַז יידיש זאָל בליען, און זייער ציטער און זאָרג און ליבשאַפֿט צו מדינת-ישראל. און דאָ ליגט דאָס פּאָזיטיווע פֿון דער נייער אויס-גאַבע ,פּאַריזער העפֿטן' ". ד. וואָלפֿע, רעדאַקטאָר פֿון „דרום אפֿרי-קע": „אייערע העפֿטן זענען ליכטיק, מחוץ ובפנים. נעמט צו מיין ברכה. ס'פֿרייט דאָס האַרץ". דער שרייבער הערץ בערגנער, מעל-בורן: „אַ שיינעם דאַנק פֿאַר די ,פּאַריזער העפֿטן'. זיי געפֿעלן מיר, ראַשית, צוליב די פֿיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, צוליב דער אויסערלעכער עסטעטישקייט און צוליב דעם קעמפֿערישן כאַראַק-טער, וואָס איז באַהאַלטן צווישן די שורות. איך וועל גערן שיקן און מיטאַרבעטן אין אייער שיינעם זשורנאַל". דער פּאָרזיצער פֿון יידישן שרייבער-פֿאַראיין אין ניו-יאָרק, ש. אַפּטער: „שוין אין די 5 דערשינענע נומערן קאָן מען זען דעם אומגעהויערן אויפֿטו. פֿריער פֿאַר אַלץ קומען צום אויסדרוק די שעפֿערישע כוחות פֿון פּאַריז. ס'איז אַ גרויסער אויפֿטו צונויפֿצוברענגען יידישע מאָלערס, שריי-בערס. ס'איז אַ ציבטיקער זשורנאַל. זאָלן אייערע הענט זיין געש-טאַרקט". דער יידישער שרייבער אין אַמעריקע (פֿון דער גרופּע „יונג ווילנע"), לייזער ראַן: „ס'איז אַ נחת אָנצוקוקן די שיינע טריבונע פֿון דער פֿאַרייניקונג פֿון באַפֿרייטע און באַנייטע יידישע, גלויביקע מענטשן. טאָרן דעריבער די ,העפֿטן' נישט פֿאַרבלייבן קיין פּאַריזער בלויז, נאָר שטאָלץ-יידישע העפֿטן פֿון אַלע פֿרייע,

גלוביקע יידישן יידן פון כל תפוצות ישראל". די „גאָלדענע קייט" אין תל אביב: „אַ נייער זשורנאַל ,פּאַריזער העפטן'. ווערט רעדאַגירט פון אַ קאָלעגיע, אָבער ס'איז צו זען, אַז דער עקשן און הויפּט-כוח פון זשורנאַל איז דער פּראָזאַיקער בנימין שלעווין".

די באַגײַסטערטע אָפּרופן האָבן געדאַרפט שטאַרקן די הענט און אָנפולן מיט שטאָלץ דעם שרייבערישן קאָלעקטיוו אין פּאַריז. לײַדער, איז אַזוי נישט געווען. אויסער דעם אַמתדיקן עקשן ב. שלעווין, צוזאַמען מיט דער דיכטערין טאַניע זיסמאַן, האָבן די פּען-מענטשן אין פּאַריז נישט דערשאַצט די נויטווענדיקייט פון אַזאַ אויסגאַבע. טעכניש און פינאַנסיעל איז ער אויסגעטראָגן געוואָרן פונעם אַקטיוו פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע. קיין גענוגנדע צאָל אַבאָנענטן איז נישט געלונגען צו שאַפן.

האָט מען זיך געדאַרפט שטיצן אויפן איינצל-פאַרקויף. אויב דער ערשטער נומער איז געוואָרן אויספאַרקויפט און אַפילו געדעקט די אויסגאַבן, איז מען אין נומער 6 געווען געצוווּנגען צו קומען מיט אַ רוף וועגן הילף. אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון שרייבערס און לייענערס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דעם ליטעראַריש-פּאָליטישן אינהאַלט, מיט מאָביליזירן אַ פאָנד, שאַפן אַבאָנענטן, כדי נישט זיין אָפּהענגיק פון איינצל-פאַרקויף.

— די 6 נומערן „פּאַריזער העפטן" — האָט דערקלערט דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, משה זאַלצמאַן — האָבן באַקומען אַנערקענונג און זענען פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט געוואָרן אין תל אביב, ניו-יאָרק, בוענאָס-איירעס, מעלבורן, דרום-אַפריקע. אין דער צייט-שריפט נעמען אָנטייל כמעט אַלע פּען-מענטשן פון פּאַריז. עס ווערן פאַרעפנטלעכט אָפּהאַנדלונגען און רעפּראָדוקציעס פון יידישע מאָלערס. אָבער די „העפטן" זענען נישט בלויז אַ ליטעראַרישע שריפט, נאָר אויך אַ געזעלשאַפטלעכער אָרגאַן, געבונדן מיט דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, מיט אונדזערע אידעאָלאָגישע זוכונגען. זיי שפּיגלען אָפּ אונדזער גייסט און ווילן צונויפזאַמלען די אַלע וואָס זוכן אַ נייעם, אידעאָלאָגישן אָנהאַלט.

די שרייבערין לילי בערגער האָט באַטאָנט, אַז אַ צייטונג צו פאַרמירן, איז נײַטיק אונטערצושטרייכן אירע שוואַכקייטן, כדי אויס-

צומיידן פעלערן. טאַניע זיסמאַן האָט געזאָגט: „מיר לעבן אין אַ שווערער צייט, אַ צייט פון באַנקראָט פון אידעאַלן, טאָ ווי אַזוי קאָן מען זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און רואיק צוזען ווי אונדזער שטעטל ברענט?׳ מיר ווילן אויסשרייען אונדזער ווייטיק — דערפאַר קומען מיר מיט די ,פאַריזער העפטן׳ ״. זי ווענדעט זיך צו די שרייבער אין פאַריז, פאַר וואָס זיי נעמען נישט קיין אַקטיוון אַנטייל אין דער זאָרג פאַרן זשורנאַל? זי בעט אביסל ליבשאַפט צו דער זאַך, וואָס איר אַליין האָט גורם געווען זי זאָל געשאַפן ווערן. יחזקאל קאָרנהענדלער דערקלערט, אַז קריטיק איז זייער נײטיק, אַבער ערלעכע קריטיק.

אין דער דיסקוסיע האָבן אַנטייל גענומען ניין חברים. דער רעדאַקטאָר שלעווין האָט רעזומירט, אַז דער אויפריכטיקער מיינונג-אויסטויש וועט ברענגען די „פאַריזער העפטן״ אַ סך נוצן. ביי דער געלעגנהייט איז אויך אַדורכגעפירט געוואָרן אַ געלט-זאַמלונג און ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַן אַדמיניסטראַציע פון זשורנאַל: וואָלפסהוט, אַלבערט, דלוזשניעווסקי. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו פאַראייניקן די הכנסות פון דער אָרגאַניזאַציע מיטן זשורנאַל. אַלס קאַסירער איז צוקאָאָפּטירט געוואָרן חבר קערבער. די בוכהאַל-טעריע און קאָנטראָל איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם חבר אַלבער. ס׳איז אויך אויסגעטיילט געוואָרן אַ קולטור-קאָמיסיע פון: האַלינאַ עדעלשטיין, טאַניע זיסמאַן, זשעלאַזאָ. פאַר פאַרבינדונג מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן: שמואל אייזערשטיין, לעווינבוים, פּייוועלעוויטש.

דעם 7טן יולי 1969, טראָץ דעם וואַקאַנס-פּעריאָד, האָט די אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט אַן אויפנאַמע פאַרן דיכטער אַריה שמרי פון ישראל. ס׳איז געווען אַ שעפערישער, באַלערנדיקער צו-זאַמענטרעף. אַ גרויסער עולם איז געקומען באַגריסן דעם פּאָעט און מיט פיל אינטערעס אויסגעהערט זיין רעפעראַט וועגן דער יידי-שער יוגנט אין ישראל. מ. ליטווין האָט באַגריסט דעם גאַסט מיט זיין עסיי „אַ דיכטער פון אַ נישט לייכטן וועג״; מ. וואַלדמאַן — „שמרי, דער דיכטער פון תיקון״; ב. שלעווין — „דיכטונג פון אַ ווייטזעער״; שמואל אייזענשטיין — „מיין בן-עיר אַריה שמרי״. מאַרסעל קאַראַליצקי האָט אין זיין באַגריסונג געזאָגט, אַז ס׳איז

אַ כבוד פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וואָס אַזאַ גרויסער עולם זאָל קענען האָבן דעם גייסטיקן געניס פון אַ דיכטער, אַ קיבוץ־חבר און בויער פון ישראל.

די חברים פון אַקטיוו וואָס זענען בעתן וואַקאַנס געווען אין די קוראַציע־שטעטלעך, ווו ס׳קומען אויך פיל יידן פון דער פּראָווינץ, האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פאַרשפּרייטן די „העפטן", גע־נומען די איניציאַטיוו אײַנצואָרדענען אונטערנעמונגען לטובת יש־ראל. אין עקס־לע־בען פלעגן די „אוניאָן"־מענטשן אַדורכפירן יע־דעס יאָר פאַרשידענע אימפּרעזן, פילם־אָוונטן, און דערבײַ געזאַמלט געלט פאַר זייערע אינסטיטוציעס. אין דעם יאָר, מיט דער הילף פון חבר שטרום און דעם ציוניסטישן עסקן יעקב צימערמאַן, איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַן אונטערנעמונג לטובת דעם קרן קימת לישראל און ס׳איז געזאַמלט געוואָרן העכער 5,000 נייע פראַנק. אויך אין נערי־לעב בען איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַזאַ אונטערנע־מונג צווישן די יידישע קור־געסט, אויף דער איניציאַטיוו פון חבר פייוועלעוויטש. עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן 50 נומערן „פאַרי־זער העפטן". מיט דער צייט זענען אַזעלכע אונטערנעמונגען גע־וואָרן אַ רוטין.

דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן סעזאָן נאָך די וואַקאַנסן 1969—70, האָבן מיר אָנגעהויבן מיט אַ אָפּשאַצונג איבער די פּאָ־ליטישע כוחות־פאַרהעלטענישן אין יידיש־רעדנדיקן סעקטאָר און די טעטיקייטן פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע. דער „או־ניאָן" איז אין די לעצטע פאָר יאָר געוואָרן באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט, וואָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק, אַז די אַראַנדיסמאַן־סעקציעס זייערע האָבן כמעט אויפגעהערט צו עקזיס־טירן. די „נייע פּרעסע" הט פאַרלוירן אַ סך לייענערס. די פאַר־עפנטלעכטע גרויסע סומען פון זייערע געלט־זאַמלונגען זענען ווייט געווען פון דערווירקלעכקייט. די יערלעכע קאָנפערענץ פון דער „נייע פּרעסע" האָט באַוויזן די אָפּאָזיציאָנעלע שטימונגען. כמעט אַלע קעגנערישע אַרויסטרעטונגען זענען געווען מצד די טוערס פון די לאַנדסמאַנשאַפטן.

די אָנפירערס פון „פאַרבאַנד" האָבן זיך פּאַקטיש אויסקריס־

טאַליזירט ווי אַ פּאָליטישע גרופּע, אָריענטירט אויף מק״י (ישראל-דיקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי). דער צוזאַמענטרעף מיט ד״ר אַדאָלף בערמאַן, פון די בולטע מק״י-טוערס אין ישראל, איז טראָץ דעם וואָס זי איז פאַררופן געוואָרן בלויז אויף איינלאַדונגען, האָט באַוויזן, אַז אַרום זיי גרופּירט זיך די גרעסטע טייל געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס האָבן פריער געבילדעט דעם פונדאַמענט פון קאָמוניסטישע איינפלוסן. אוודאי איז געשטאַנען די פראַגע, צי וועלן זיי בילדן אַ זעלבשטענדיקע, פּאָליטישע גרופּירונג, וואָס האָט געמיינט — אָפּן אַרויסטרעטן קעגן „אוניאָן".

דער נאַציאָנאַלער סעקטאָר האָט זיך פּאָליטיש פאַרשטאַרקט. די פעדעראַציע האָט פאַרנומען אַן אָנפירנדיקע פּאָזיציע, אָבער אָרגאַניזאַציאָנעל האָט זי זיך ווייניק געענדערט. זייער פאַרבינדונג מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן איז ווייטער געווען אַ לויזע, אָן גרויסער אויסווירקלונג אויף די טאָג-טעגלעכע אַקטיוויטעטן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן. אונדזערע חברים דאַרפן אָבער האָבן אַ זעלבשטענדיקע, פּאָליטישע איינשטעלונג צו די באַהאַנדלטע פראַגן, ווי אַ שטייגער, אַזאַ ענין: אויף דער זומער-קאָלאָניע פאַר די קינדער, איז אונטערן דרוק פון פאָרזיצער פון דער קולטור-קאָמיסיע, הרב טשאַסקאַלאַ, נישט געשיקט געוואָרן די קינדער קיין ישראל, ווייל ס'איז נישט געווען גענוג זיכער וועגן דער כשרות דאָרט. אונדזערע חברים האָבן זיך נישט קעגנגעשטעלט מיט גענוג אַנטשלאָסנקייט. אמת, זיי קענען נישט ענדערן דאָרט די סטרוקטור, אָבער דאַרפן שטיין אין פאַרבינדונג מיט די סאָסיעטעס, אויסווירקן מ'זאָל איינלאַדן רעדנער פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע.

די טעגלעכע נאַציאָנאַלע צייטונג „אונדזער וואָרט" האָט פאַרגרעסערט איר צאָל לייענערס, וואָס האָט זיך געלאָזט מערקן אין אַלע צייטונג-קיאָסקן; אָבער אונדזער אָרגאַניזאַציע, טראָץ אירע פּאָליטישע דערפאָלגן און דינאַמישקייט, האָט פאַר די צוויי יאָר טעטיקייט, אָרגאַניזאַציאָנעל זיך נישט אויסגעברייטערט. ס'האָט זיך געמערקט אַ געוויסע מידקייט, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער פליסיקייט פון די אַנוועזנדיקע אויף די זיצונגען פון אַקטיוו. מיר מוזן אויסקריסטאַליזירן אונדזער פּאָליטישן אָנשפּאַר נישט נאָר

מיט באַדינגונגסלאָזער איבערגעגעבנקייט פאַר ישראל. פאַראַן אנדע־רע אָרגאַניזאַציעס מיט ענלעכע איינשטעלונגען. אין די דיסקו־סיעס האָבן אַנטייל גענומען כמעט דער גאַנצער אַקטיוו. בלויז איין חבר האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז געקומען די צייט מיר זאָלן זיך אָנשליסן אין דער „העבודה״־פּאַרטיי. בעת אַנדערע חברים האָבן געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן פאַרזעצן, אין זעלבן גייסט, אַ זעלבשטענ־דיקע טעטיקייט, ווייל מיר האָבן נאָך פּאָליטישע אויפגאַבן. מ׳דאַרף נאָר געפינען מער צוגענגלעכע מעטאָדן אין דער אויפקלערונג.

איין חבר גיט איבער וועגן דעם פאַקט מיט אַן אַקטיוויסט פון אַ גרויסער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס איז געווען דער באַסטיאָן פון „אוניאָן״. זייענדיק אין נערי לע באַן, ביים פאַרשפּרייטן די „פּאַריזער העפטן״, האָט דער טוער אין דער לאַנדסמאַנ־שאַפט זיך אויסגעדריקט צווישן אַ גרופּע יידן, אַז „ער שעמט זיך היינט צו זיין אַ ייד, ווייל מדינת ישראל באַהאַנדלט ראַסיסטיש די פּאַלעסטינער״... ער האָט אויף דעם באַקומען אַזאַ צעשמעטערנ־דיקן ענטפער, אַז ר׳האָט שפּעטער זיך געשעמט צו קומען דאָרט ווו יידן האָבן זיך גרופּירט. די אַלע וואָס האָבן געהערט יענעמס דערקלערונג, האָבן דעמאָנסטראַטיוו געקויפט די „פּאַריזער העפטן״ און זיך באַשטייערט פאַרן קרן קימת לישראל.

די מסקנה איז געווען, אַז מיר דאַרפן אין אַזאַ לאַנדסמאַנשאַפט זיין טעטיק און דורך די חברים, וואָס באַלאַנגען צו דער וואַרשע־ווער לאַנדסמאַנשאַפט ווירקן, אַז אַזעלכע שונאים פון ישראל זאָלן נישט זיין אין דער אַנפירערשאַפט פון אַ יידישער אָרגאַניזאַציע. אין דער זעלבער צייט האָט דער רעדאַקטאָר פון דער פראַנצויזישער וואָכן־צייטונג פון דער „נייע פּרעסע״, מאַניקאָווסקי, געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן ישראל אין דער וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט, אָבער נאָך זיינע אויספירן האָבן די אַנוועזנדע געמאַכט אַזאַ טומל, אַז דער רעפערענט האָט נישט באַוויזן צו שאַפן אַן אַנטי־ישראל שטימונג.

פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז די חברים און סימפּאַטי־קערס פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, דאַרף מען געבן אַ פּאָליטישן קאָמפּאַס, בכדי צו וויסן מיט וועמען מיר דאַרפן און

קענען צוזאַמענאַרבעטן, און וועמען מיר דאַרפֿן באַקעמפֿן. שאַרל דייטלבוים האָט דערקלערט, אַז ער פּערזענלעך האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „העבודה", אָבער די אָרגאַניזאַציע דאַרף בלייבן זעלבשטענדיק. מיר דאַרפֿן פֿלעגן און אַרומנעמען דעם ברייטן אַקטיוו, פּאָפּולאַריזירן די טעטיקייט פֿון דער פֿעדעראַציע און איר פּאָזיטיווע ראָל וואָס זי שפּילט אין איצטיקן פּעריאָד אין יידישן לעבן. קאַראָליצקי האָלט, אַז איינע פֿון די פּאָזיטיווסטע דערשיינונגען נאָכן קאָנגרעס פֿון דער פֿעדעראַציע, איז דאָס שאַפֿן דעם פֿאָלקס-קאָמיטעט, וואָס פֿירט אָן מיט די געלט-זאַמלונגען פֿאַר ישראל צווישן יידיש-רעדנדיקן סעקטאָר און אויך באַווײַזן אויסצובריייטערן זיין איינפֿלוס אויף די לאַנדסמאַנשאַפֿטן, וואָס זענען נישט אָנגעשלאָסן אין דער פֿעדעראַציע (ווי, אָ שטייגער, די גרעסטע לאַנדסמאַנשאַפֿט לויט דער צאָל מיטגלידער — די ראַדאָמער). אין דער נאָנטער צייט זעט זיך פֿאָר, אַז אַלע לאַנדסמאַנשאַפֿטן אין פּאַריז וועלן געבן זייער אָנשלוס אין פֿאָלקס-קאָמיטעט. אויך ביי די פֿון איין שטאָט געשפּאָלטענע לאַנדסמאַנשאַפֿטן מערקט זיך אָ געזונטע דערשיינונג פֿון אָנהייבן פֿירן צוזאַמען זייער קולטור-אַרבעט און די יזכור-פֿייערונגען. מיט דער דערעפֿענונג פֿון די לאָקאַלן פֿון דער פֿעדעראַציע, האָט דער שרייבער- און זשורנאַליסטן-פֿאַריין באַנייט די וועכנטלעכע שבת-שמועסן אין שיינעם, גרויסן זאַל, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אָן אינסטיטוציע פֿאַר זיך. ס'האָט אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן די ביבליאָטעק און לייען-זאַל. דער דריטער שטאָק איז נאָך נישט געווען פֿולשטענדיק איבערגעבויט, אָבער די יוגנט-אָרגאַניזאַציע האָט שוין דאָרט געפֿירט איר טעטיקייט. ביי דער פֿעדעראַציע איז גלייך אָנטשטאַנען קעגנערשאַפֿט צו די פּאָליטישע טענדענצן פֿון דער יוגנט, און גאָר באַזונדערס — קעגן דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער יוגנט-אָרגאַניזאַציע „דרור", הגם דער גענעראַל-סעקרעטאָר און קאַסירער, ווי די מערהייט פֿון עקזעקוטיוו-קאָמיטעט, זענען חברים און סימפּאַטיקער פֿון דער „העבודה"-פּאַרטיי. דאָס האָט באַוויזן, אַז ס'איז שווער צו ענדערן דעם לאַנג-יאָריקן סטיל און איינשטעלונג פֿון דער פֿעדעראַציע. בפרט, אַז דער פּאָרזיצער פֿון דער קולטור-קאָמיסיע, הרב טשאַסקאָלאָ,

האָט געלייגט זיין וועטאָ. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט נעמען אין אַכט אונדזערע פאָרשלאָגן וועגן שאַפן אַ כאָר און אַ דראַמאַטישן קרייז, כדי די פעדעראַציע זאָל האָבן די מעגלעכקייט מיטצוהעלפן די סאָסיעטעס אין זייער קולטור־אַרבעט. אונדזערע חברים און פאָרשטייער אין קאָמיטעט, האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דעם איינשטעל.

די חברים וואָלפסהוט און שטרום האָבן פאָרגעשלאָגן צו אָרגאַ־ניזירן אַ שאַכמאַט־קלוב און די מערהייט שפילערס האָבן געהאַלטן, אַז דער קלוב דאַרף פונקציאָנירן פרייטיק אָוונט און שבת. אָבער אויך דאָ איז געווען די השפעה פון הרב טשאַסקאַלאָ אָפּצוהיטן פון חילול השבת.

אין דער זעלבער צייט האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ גרויסן אָוונט, מיט אַ קיבוץ־חבר, אַ שליח פון מפ״ם פאַר דער יוגנט אין אייראָפּע, אלי בן־גל. ער אָבער האָט נאָך זיין רעפעראַט ארויסגערופן אַ גע־וויסע קעגנערשאַפט צוליב זיינע לינקיסטישע און פעסימיסטישע אויספירן וועגן דער לאַגע און פערספּעקטיוון פון שלום אין יש־ראל. דער רעדנער האָט אונטערגעשטראָכן דעם איבערגעטריבע־נעם שאָוויניזם, וואָס הערשט ביי אַ גרויסן טייל פון דער ישראל־באפעלקערונג, וואָס איז נאָך אַלץ פאַרשיכורט פונעם זיג אין דער 6־טאָגיקער מלחמה. די מערהייט חברים פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהאַט טענות צום סעקרעטאַריאַט פאַרן אַרויסשטעלן אַ רעדנער מיט אַזאַ פּאָליטישער איינשטעלונג. אויב ס׳איז אפשר געזונט צו מאַכן אַזעלכע אָפּשאַצונגען אין ישראל גופא, איז עס אַבער נישט דערלאָזבאַר אין פאַריז, ווו מיר ראַנגלען זיך אָן אויפהער מיט דער אַנטי־ישראלדיקער פּראָפּאַגאַנדע פון דער קאָמוניסטי־שער „הימאַניטע״, פון דער „נייע פרעסע״, ווי פון די לינקיסטישע, טראָצקיסטישע און מאַאָיסטישע גרופּן. ס׳איז פיינלעך, אַז חברים זאָלן דאַרפן אַרויסטרעטן קעגן אַ רעפערענט, וואָס מיר האָבן אים איינגעלאַדן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די וואַלן צו דער אָנפירערשאַפט פון „רעטרעט קאָמפּלימענטער״ אין דער שניידער־אינדוסטריע, וואָס אַ גרויסע צאָל יידן האָבן דערצו רעכט, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַן

אויפרוף אין „אונדזער וואָרט". ס'איז גערופן געוואָרן נישט צו שטימען פאַר דער סע. זשע. טע־ליסטע צוליב זייער אַנטי־ישראל העצע, ווי אויך דערפאַר, וואָס זי אַנערקענט נישט די שטאַרקע יש־ראלדיקע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג — די „הסתדרות". זיי האָבן אַפילו געהאַט אָרגאַניזירט אַן אַראַבישע פּראָפּאַגאַנדע־וואָך מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון אַל־פּאַטאַך.

נאָך אַ צוזאַמענטרעף פון חבר קערבער מיט אַ ריי קולטור־טוערס אין בעלגיע, האָבן זיי מסכים געווען צוזאַמענצואַרבעטן מיט אונדז דורך פאַרשפּרייטן די „פּאַריזער העפטן" און זאָרגן פאַר איר עקזיסטענץ.

אויפן יערלעכן באַנקעט האָבן מיר אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון אונדזער טעטיקייט און אָנגעצייכנט ווייטערדיקע פּלענער. ס'איז אויך אַרויסגעטרעטן אַ יוגנט־טאַנץ־גרופּע, אָרגאַניזירט פון אונד־זער מיטגלידערין, די כּוראָעגראַפין און לערערין האַלינאַ עדעלשטיין.

דאָס לייט־אַרטיקל „די 12־טע שעה", אין נומער 8 „פּאַריזער העפטן", אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „הערשל פון 20סטן", האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם. דאָס אַרטיקל האָט באַהאַנדלט דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּאַריז און אַרויסגעבראַכט אומ־אָפּפרעגבאַרע אמתן, וואָס איז אָבער אין יענעם מאָמענט נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דער אָפּשאַצונג פון קאָמיטעט. געווען דאָרט אַ באַשולדיקונג, אַז „פּאָליטיקאַנער פון אַלע צדדים האָבן באַרויבט דאָס יידישע פּאַריז, זאַמלען געלטער פאַר אַלץ, אַ חוץ פאַר די אמתע יידישע פאָלקס־אינטערעסן".

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערפון, וואָס דער דעמאָלטיקער רע־דאַקטאָר פון „אונדזער וואָרט" האָט נישט דערלאָזט צו פאַרעפנט־לעכן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן בוך פון ב. שלעווין „ליפּע קאַמאַשנ־מאַכער", געשריבן פון דעם פּעדאַגאָג אַ. גאָלאָמב. ס'האָט זיך גע־שאַפן אַ נישט אָנגענעמע סיטואַציע, ווייל מיר אַלע האָבן געטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. צום קאָמיטעט איז געקומען אַ בריוו פון דער רעדאַקציע פון „אונדזער וואָרט" וועגן דעם ענין. אָבער מיר האָבן געדאַרפט נעמען אין שוץ דעם שרייבער ב. שלעווין, וועמענס ווערק שפּיגלען אָפּ דעם אויפקום פון יידישע רעוואָלו־

ציאָנערע פּאַרטייען, פּונקט ווי דעם אויפקום פון ציוניזם. אַ בוך פון טיפן גלויבן און טיפער אַנטוישונג פון אונדזער דור. דער קאָמיטעט האָט אין אַ בריוו צו דער רעדאַקציע „אונדזער וואָרט" באַדויערט, וואָס אָן דער פאַרשטענדיקונג פון קאָמיטעט, איז דערשינען דאָס אַרטיקל. אויב ס'איז פאַראַן וואָס צו קריטיקירן אין יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּאַריז, באַרעכטיקט עס נישט אַזאַ אופן און פאָרם. די טעטיקייט פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אָרגאַניזאַציע שטרעבט צו שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן לאַגער.

דערמיט זענען אָפּגעקילט געוואָרן די געמיטער אַרום דעם שטרייט.

לכבוד דעם עולה זיין קיין ישראל פון חבר פּייוועלעוויטשעס קינדער, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַנקעט, אויף וועלכן ס'איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ באַגריסונג שלמה פרידריך, אין נאָמען פון דער סוכנות און ציוניסטישער פעדעראַציע. ס'איז געווען אַ פּרייַדיקע דערשיינונג, וואָס קינדער פון לאַנגיאָריקע קאָמוניסטישע עלטערן, וואָס זענען שוין אַליין געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג — זענען צוריק געקומען צום נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. ביים ווייט-גרעסטן טייל פון זיי, זענען די קינדער געווען נישט נאָר פּאָליטיש-אידעאָלאָגיש אָפּגעפרעמדט, נאָר אויך אָפּגעריסן פון זייערע עלטערן אין נאַציאָנאַלן זין. אויף דעם געזעגענונג-אָוונט האָבן זיך אַלע געווונטשן זוכה צו זיין אַזאַ נחת פון די קינדער און אייניקלעך.

ביז די זומער-פעריען, האָבן מיר דורכגעפירט נאָך אַכט אונטערנעמונגען (צוויי — אין גרויסן זאַל פון „האָטעל מאָדערן"), וועגן ישראל, איר פּאָליטיש-ווירטשאַפטלעכער לאַגע נאָך דער 6-טאָגיקער מלחמה, מיטן אַנטייל פון קורט נידערמייער; וועגן אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן-פאַרבאַנד און פּוילן, מיטן אַנטייל פון ד"ר באַרוויטש און רודי.

אין אייגענעם לאָקאַל — אַ שמועס וועגן די קאָנפליקטן און קעגנזאַצן אינערהאַלב דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אויפן 19טן קאָנגרעס. דער סיכסוך מיט גאַראָדי, מיטגליד פון פּאָליט. ביוראָ, און דעם אופן ווי אַזוי

דער קאָנגרעס האָט באַשטעטיקט זיין אויסשליסן אים פון דער פאַרטיי. ס'האָט זיך נישט געפונען קיין איין דעלעגאַט אויפן קאָנ־גרעס, וואָס זאָל וואַגן נישט נאָר אונטערשטיצן די טעזע פון גאַראָדי, נאָר זיין קעגן דעם אויסשלוס, וואָס באַווייזט דעם סטאַליניסטישן גייסט, די אוממעגלעכקייט אַרויסצורוקן אַן אייגענעם שטאַנדפונקט; אַ באַריכט־פאַרזאַמלונג פון אונדזער דעלעגאַט, חבר דלוזשניעווס־קי, אויף דער קאָנפערענץ פון די געוועזענע דעפּאָרטירטע און ישראל. פאַרזאַמלונג צום 15טן מאַי און יום העצמאות, מיט אַ שמועס פון די חברים שמואל אייזערשטיין און סאַמעק פינקעלשטיין.

מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט צוויי אַזכרות נאָך די פאַרשטאָר־בענע יידישע שרייבער הערץ בערגנער און אברהם לעוו. אַ רע־פעראַט וועגן לעבן און שאַפן פון הערץ בערגנער, פון זיין היימ־שטאָט וואַרשע ביזן ווייטן מעלבורן — האָט געהאַלטן ב. שלעווין. וועגן דיכטער אברהם לעוו, דעם קיבוצניק און באַזינגער פון יידי־שער מי אין ארץ־ישראל, האָט גערעדט די דיכטערין טאַניע זיס־מאַן. ס'איז אויך פאָרגעקומען אַן אָוונט, ווו משה זאַלצמאַן האָט זיך געטיילט מיט זיינע איינדרוקן פון אַ באַזוך אין ישראל.

די צענטראַלע געטאָ־פייערונג אין יאָר 1970, איז דער פעדע־ראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן אויסגעקומען דורכצופירן אַליין, אָן דעם „פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן"; טראָץ זייער קעגנערשאַפט צום „אוניאָן", זענען זיי פסיכאָלאָגיש נאָך נישט רייף געווען זיך אָפּצורייסן פון די לאַנגיאָריקע, בשותפותדיקע איניציאַטיוון מיטן „אוניאָן". דאָס אָבער האָט באַזונדערס מאָבילי־זירט די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע צו העלפן דער פעדעראַציע צום דערפאָלג פון דער געטאָ־פייערונג.

דאָס פּראָבלעם פון געפינען אַ פּאָליטיש־אידעאָלאָגישן אָנהאַלט פאַר דער אָרגאַניזאַציע, האָט אונדז כסדר באַשעפטיקט, פון די סאַמע ערשטע טעג. דער פאָרגעלייגטער פּראָגראַם אויף דער גרינ־דונג־פאַרזאַמלונג, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַלע חב־רים, האָט אונטערגעשטראָכן, אַז מיר שטרעבן מיט אונדזער טעטי־קייט צו שטאַרקן מדינת ישראל, אָבער גאַנץ באַזונדערס איז אונדז נאָענט דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר, די הסתדרות, די קיבוצים.

אָבער ווי אַזוי דאָס ברענגען צום אויסדרוק? צי נאָר מיט גוטע ווונטשן, אָדער אַקטיוו העלפן די פּאַראַנענע פּראָ-ישראלדיקע אָרגאַניזאַציעס? דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן כסדרדיקע שטרייטן.

שוין אין די ערשטע חדשים האָבן מיר זיך געוואָנדן שריפט־לעך צו חייקה גראָסמאַן, באַוווּסטע קעמפּעריין פון ביאַליסטיקער געטאָ, סעקרעטאַרין, צו יענער צייט, פון וועלט-פאַרבאַנד פון מפ"ם: צי איז מעגלעך, אַז די ניי-געשאַפענע אָרגאַניזאַציע אין פּאַריז, וואָס ענלעכע גרופּירונגען וועלן, אַוודאי, זיך אָרגאַניזירן אויך אין אַנדערע לענדער, זיי זאָלן שאַפן אַ וועלט-באַוועגונג „פריינד פון קיבוץ". איר ענטפער איז געווען, אַז די קיבוץ-באַוועגונג נייטיקט זיך נישט אין סתם פריינד, נאָר אין יונגע עולים, וואָס זאָלן קומען אין לאַנד שטאַרקן די קיבוצים. די קיבוצים נייטיקן זיך נישט אין פינאַנסיעלע הילף, דאַקעגן עקזיסטירט אַ וועלט-באַוועגונג „פריינד פון דער הסתדרות".

האָבן מיר געמאַכט אַלע באַמיאונגען צו פאַרבינדן זיך מיט דער הסתדרות. בעת דעם באַזוך פון ד"ר בערל פרימער אין פּאַריז, האָט ער אויף אַ זיצונג פון אונדזער אַקטיוו אינפאָרמירט, אַז זיין וויזיט אין פראַנקרייך איז פאַרבונדן מיטן שאַפן אַ באַוועגונג „פריינד פון דער הסתדרות", און דער עיקר — אַ קרייז פון יידיש־פראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן כדי אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיט די סינדיקאַטן, אָרגאַניזירן סעמינאַר-עקסקורסיעס, אויף צו באַקענען וואָס ברייטערע קרייזן מיט די דערגרייכונגען פון דער הסתדרות. נאָכן אויפשטעלן אַזאַ אָרגאַניזיר-קאָמיטעט, וועלן די „פּראָגרעסי־ווע" זיין דאָרט פאַרטראָטן מיט אַ געהעריקער פאָרשטייערשאַפט.

אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז טאַקע געשאַפן געוואָרן, נאָר פונקציאָ־נירט אַ קורצע צייט. מיר זענען דאָרט געווען פאַרטראָטן, אָבער אָן אינספּיראַציעס אויסצוברייטערן די טעטיקייט צווישן די יידיש־רעדנדיקע. ס'האָט זיך ווייטער געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי רייסט מען זיך אַרויס פון דער איזאָלאַציע, ווי אַזוי ווערן אַ טייל פון אַן אַנערקענטער פּאָליטישער באַוועגונג? אפשר האָט דאָ געווירקט אַ פּסיכאָלאָגישער דרוק פון דער לאַנגיאָריקער, גוזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אין שטענדיקער צוזאַמענאַרבעט מיט אַ באַוועגונג?

מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען צווישן האַמער און קאָוואַדלע. האָבן מיר דאָך אויפגעהויבן און געפירט מיט מוט און געוואַגטקייט דעם קאַמף קעגן קאָמוניסטישן אײַנפלוס צווישן יידן.

## דער לאַנגזאַמער פונאַנדערפאַל

אָבער אויך דער נאַציאָנאַלער לאַגער האָט נישט געהאַט צו אונדז צופיל צוטרוי, נישט געוואָלט אַנערקענען אונדזער זעלב-שטענדיקייט. זיי האָבן געצילט צו דעם, אַז מיר זאָלן זיך וואָס גיכער אויפלייזן און זיך אַנשליסן, אָדער אַריינגיסן אין זייערע ראַמען. זיי האָבן גענומען צוטיילן כּיבודים אונדזערע מענטשן, מיט דער אויס-רעכענונג, אַז זיי האָבן דעם גאַנצן איינפלוס אין דער אָרגאַני-זאַציע, וואָס האָט נישט ווינציק דעמאָראַליזירט די אַטמאָספער, ווייל אַ טייל צווישן אונדז האָבן זיך שוין באַטראַכט ווי וויכטיקע מנהיגים פון יידישן ישוב אין פּאַריז.

אין אָנהייב פון קולטור-סעזאָן 1971, איז אויף דער איני-ציאַטיוו פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע פּאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף מיט אַ גרופּע חברים פון „העבודה", געוועזענע לינקע פּועלי-ציון, ווו מ'האָט באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם וועגן קאָאָרדינירן די פּאָליטישע טעטיקייט, און אויך ווירקן, אַז „אונדזער וואָרט" זאָל פאַר דער טעטיקייט פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַ-ניזאַציע אָפּגעבן מער אָרט אין דער צייטונג. אָפּשאַצנדיק דעם צוזאַמענטרעף, האָט ב. שלעווין געהאַלטן, אַז ס'איז געווען אַ פאַל-שער שריט, ווייל פּאַקטיש ווילן זיי ליקווידירן די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע, און אַז מיר וועלן אַפילו פאַרלירן די פּערספּעקטיוו צוצוקומען צו די מענטשן, צו וועלכע מיר דאַרפן נאָך צוקומען. דאַקעגן שטיצט ער דעם פאָרשלאָג פון סעקרעטאַריאַט אָנצו-שליסן זיך אין יידישן וועלט-קאָנגרעס.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז טאַקע פּאָרגעקומען אַ צוזאַ-מענטרעף מיטן פּאָליטישן סעקרעטאַר פון ייִדישן וועלט-קאָנגרעס, אַרמאַן קאַפּלאַן. ס'איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן הילף פון וועלט-קאָנגרעס פאַר די „פּאַריזער העפטן" און צעשיקן

דעם זשורנאַל אין די אָפּטיילונגען, ווו ס׳זענען פאַראַן יידיש-רעדנדיקע. מיר האָבן אויסגעוויילט דעם חבר קערבער צו רעפּרע-זענטירן אונדזער אָרגאַניזאַציע אין קאָמיטעט פון דער פראַנצויזי-שער אָפּטיילונג פון יידישן וועלט-קאָנגרעס.

אויף איינער פון אונדזערע זיצונגען, האָט די חברטע האלינא עדעלשטיין רעפּערירט וועגן איר באַזוך אין ישראל, אין אַנשטאַלט פאַר דעפעקטיווע קינדער אין פתח-תקוה — און די קאָנקרעטע ווענדונג צו שטיצן, פינאַנסיעל, דעם אַנשטאַלט. ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָמיסיע און די זאַמל-אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן. נאָך אַ קורצער צייט, האָבן מיר איבערגעשיקט די ערשטע סומע פון 800 דאָלאַר. מיר האָבן באַאויפטראַגט דעם חבר קערבער צו באַזוכן ישראל און אויפשטעלן אַ באַנק-קאָנטע, אַז די געזאַמלטע געלטער זאָלן איבערגעגעבן ווערן דורך אַ ישראלדיקער באַנק.

די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט. מ׳האָט איינגעאָרדנט אַ מיטינג וועגן דער פּאָליטישער סיטואַציע אין ישראל, מיטן אַנטייל פון שליח פון מפ״ם, אַריה שפיר. סאיז צוגעגרייט געוואָרן דער פאַרגרעסערטער נומער (9) „פּאַריזער העפטן״. לכבוד דעם שרייבער ב. שלעווין, וואָס האָט באַקומען אַ וויכטיקע ליטעראַטור-פּרעמיע פאַר זיין בוך „ליפּע קאַמאַשנמאַ-כער״, איז אין האָטעל „מאָדערן״ אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פייער־לעכער אָוונט, אונטערן פאָרזיץ פון דער דיכטערין טאַניע זיסמאַן, און אַנטייל פון מ. ליטווין, ד״ר בערנאַרד לינדענבערג, פּ. שראַגער און ד״ר נח גריס.

אין דער צייט האָבן מיר מיט פרייד אויפגענומען די דערקלע-רונג פון חבר הערשל גאָלדפינגער, לאַנגיאַריקער אַקטיוויסט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן און אין פראַנקרייך, און אין די נאָך-מלחמה-יאָרן — אַ טוער אין קולטור-פאַרבאַנד אין וואַרשע, אַז ער שליסט זיך אָן צו די פּראָגרעסיווע. נאָך זיין צוריק קומען קיין פּאַריז אין יאָר 1961, האָט ער אַ לענגערע צייט מיט-געאַרבעט אין דער „נייע פּרעסע״. ער האָט פאַרלאָזן די צייטונג, צוליב פּאָליטישע מיינונג-פאַרשיידנהייטן, נאָך דער זעקס-טאָגיקער מלחמה און געאַרבעט אַ געוויסע צייט אין „פאַרבאַנד פון די

יידישע געזעלשאַפטן". ער האָט געמאַכט אַ ווייטערדיקן חשבון הנפש און אויך איבערגעריסן מיט דער מק"י-גרופּע. מיר האָבן אים צוגעצויגן צו דער רעדאַקציע-קאָלעגיע און אָרגאַניזירט אַן עפנטלע-כן אַרויסטריט זיינעם. דעם פאָרזיץ האָט געפירט ד"ר בערנאַרד לינ-דענבערג און אים באַגריסט פאַרן פולשטענדיקן איבעררייסן מיטן קאָמוניסטישן לאַגער. אין נאָמען פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַני-זאַציע, האָט גערעדט זיין לאַנגיאָריקער חבר פון דער קאָמוניסטי-שער יוגנט אין וואַרשע, משה זאַלצמאַן.

דער נומער 9 „פּאַריזער העפטן" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין הויכן פּאָליטיש-ליטעראַרישן אינהאַלט: משה שולשטיינס אַ ניי ליד „קאַטיושאַ"; מ. ליטווין — צוויי איבערזעצונגען פון דער רוסישער פּאָעזיע (פון באָריס פּאַסטערנאַק און יוסף בראָדסקי); אַ ליד פון משה שקלאַר — „פּאַר וואָס איך בין אַוועק פון פּוילן". אַ טיפע אָפּהאַנדלונג פון אַברהם גאָלאָמב וועגן ב. שלעווינס „ליפּע קאָמאַשנמאַכער"; פון ל. דאָמאַנקעווישט — וועגן בוך פון לילי בערגער „אָפּגעריסענע צווייגן" און אַנדערע. דער נומער איז אין אַ קורצער צייט געוואָרן אויספאַרקויפט. צוליבן נישט רעגולערן דערשיינען, איז שווער געווען צו שאַפן סטאַבילע אַבאָנענטן. זייער צאָל איז קוים דערגאַנגען ביז 100, דעריבער איז מען געווען אָפּהענגיק פון איינצל-פאַרקויף. אַ טייל חברים האָבן זיך באַזונ-דערס אויסגעצייכנט ביים פאַרשפּרייטן, דערפאַר איז דער ענין אַ סך מאָל געווען אָפּהענגיק פון פּערזענלעכע קאַפּריזן און ווילן.

אויפן אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון נייעם נומער „פּאַרי-זער העפטן", האָבן אָנטייל גענומען: ב. שלעווין, מ. ליטווין, משה שולשטיין, לילי בערגער, טאַניע זיסמאַן, משה וואַלדמאַן, יחזקאל קאָרנהענדלער, ק. בענעק.

מיר האָבן געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אַז וואָס מערער יידן זאָלן אָנטייל נעמען אין דער פּראָטעסט-באַוועגונג קעגן די פאַרברעכערישע משפּטים קעגן די ניין יידן אין לענינג-ראַד און קעגן די טויט-אורטיילן אין פאַשיסטישן פּראַנקאָשפּאַניע, אין בורגאָס. אין דער ריזיקער דעמאָנסטראַציע האָבן זיך אויך באַטייליקטן אין דעמאָנסטראַציע-צוג שפּאַניער, פאָרשטייער פון

דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דערביי איז פּאָרגעקומען אַ פּיינלעכער אינצידענט מיט דער בית״ר-יוגנט, וועלכע האָט מיט כוח נישט דערלאָזט, אַז די סאָציאַליסטישע פאַרשטייער, ווי אויך די שפּאַניער, זאָלן דעמאָנסטרירן אונטער רויטע פענער. (אונטער די רויטע פענער האָט מען דאָך געמשפּט די יידן אין ראַטן-פּאַר־באַנד). מיט רעכט האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פּראָטעסטירט ביים „קריף״, די אָרגאַניזאַטאָרין פון דער דעמאָנסטראַציע, קעגן דעם כוליגאַנישן אויפפירן זיך פון געוויסע אָרדנער.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אויך אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דעם פּראָטעסט-מיטינג, גערופן פון דער „ליקא״ און „פּאַרבאַנד פון מזרח-אייראָפּעישע יידן״, ווי אויך אין מעכטיקן פּראָטעסט־מיטינג אין „מיטיאַליטע״, מיטן אַנטייל פון די לינקע אינטעלעק־טואַלן: זשאַן פּאָל סאַרטר, לאָרען שוואַרץ, זשאַק מאַדאָל, אנרי בולאָווקאַ און אלי בן-גל (גערופן פון צערקל בערנאַר לאַזאַר). אויך אין דער גרויסער סינאַגאָגע אויף רי דע לאַ וויקטואַר איז געווען אַן אַרויסטרעטונג פון הויפּט-רב אין פראַנקרייך, יעקב קאַפּלאַן, וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד דעם גאַנצן יידישן ישוב אין פראַנקרייך.

מיר האָבן גענומען די איניציאַטיוו ס׳זאָל גערופן ווערן אַ צענטראַלער מיטינג (אויף יידיש) אין גרויסן זאַל פון האָטעל „מאָ־דערן״ און זיך געוואָנדן צום „בונד״, „העבודה״, מפ״ם און „פּאַר־באַנד פון מזרח-אייראָפּעישע יידן״. דער „בונד״ האָט געענט־פערט נעגאַטיוו, ווייל מ׳האָט זיי געשטעלט פאַר אַ געשעענעם פאַקט. „העבודה״ און מפ״ם האָבן געענטפערט, אַז מיט שלמה פרידריך פון „חירות״ זענען זיי נישט מסכים אַרויסצוטרעטן. בלויז דער „פּאַרבאַנד פון מזרח-אייראָפּעאישע יידן״, בראש מיט פרידריכן, האָבן געענטפערט פּאָזיטיוו. די מערהייט פון קאָמיטעט האָט געהאַל־טן, אַז כדי נישט דאַרפן גיין בלויז מיטן „חירות״, האָבן מיר אַנו־לירט דעם געפּלאַנטן מיטינג. דאַן האָט „חירות״ איבערגענומען די איניציאַטיוו, אין נאָמען פון זיין „אומפּאַרטייאישן פּאַרבאַנד פון מזרח-אייראָפּעישע יידן״. די פעדעראַציע פון די יידישע געזעל־שאַפטן האָט געגעבן איר אָנשלוס. נאָך שאַרפע מיינונג-פּאַר־

שיידנהייטן, האָט אַ מערהייט פון די די פּראָגרעסיווע מסכים געווען אָנטייל צו נעמען אין דעם מיטינג.

אַ זייער שיינער עולם יידיש־רעדנדיקע איז געקומען זיך סאָלידאַריזירן מיטן סאָוויעטישן יידנטום. אַ גרויסן איינדרוק האָט געמאַכט די אַרויסטרעטונג פון אַ נייער עולה פון ראַטנפאַרבאַנד. זי איז ספּעציעל געקומען פון ישראל אויף דעם מיטינג. דאָס איז געווען פרוי טאַניא בראָדעצקאַיאַ.

ביים אָפּשאַצן דעם געלונגענעם מאַסן-מיטינג, האָבן אַ ריי חברים אָנגעוויזן, אַז ווען איינער פון די פּראָגרעסיווע טרעט אַרויס צוזאַמען מיט רעדנער פון אַנדערע ריכטונגען, דאַרף ער אַרויס-ברענגען די וועזנטלעכע אונטערשיידן אין זיין פּאָליטישן צוגאַנג, וואָס האָט זיך נישט געמערקט אין דער אַרויסטרעטונג פון חבר קאַראָליצקי.

נאָכן אומקערן זיך פון חבר שלעווין פון אַ שטודיר-רייזע אין ישראל, ווו ער האָט געהאַט אַ סך טרעפונגען מיט יידישע שרייבער, אַרטיסטן, געזעלשאַפטלעכע אין קולטור-טוערס, האָבן מיר איינגעאָר-דנט אַן עפנטלעכע דיסקוסיע אויף דער טעמע: „יידיש אין ישראל״. „אויבנאויפיק — האָט ב. שלעווין דערקלערט — קען זיך דוכטן, אַז דאָס איז אַ דריט-ראַנגיק פּראָבלעם. אָבער יידיש איז נישט נאָר אַ פאַרבינדונג-שפּראַך מיט יידן אין די תפוצות, נאָר אַ דויערנדיקער קולטור-פאַקטאָר צו שטאַרקן די נאַציאָנאַלע אידענטיטעט פון יידן אין ישראל גופא. דערפאַר דאַרף וואָס פריער קומען אַ דיאַלאָג, וואָס ביי אַ גוטן ווילן, וועט ער ברענגען אַ ברכה פאַר אַלע יידישע קולטור-ווערטן פון די פאַרשיידענע עדות, וואָס לעבן שוין דאָרט און דאַרפן איינגעזאַמלט ווערן אין ישראל״.

דאָס דערשיינען פון מיין בוך, נאָך לאַנגע יאָרן פיזישע און גייסטיקע מאַטערנישן (ווייל כ׳האָב עס געשריבן גאַנצע אַכט יאָר, אין מיינע אָפּרו-טעג, נאָך שווערע טעג אַרבעט ביי מיין פאַך), איז פאַר מיר געווען אַן אויפלייזונג נאָך יאָרן קאַטאָרגע אין סיבירער פאַרשיקונג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין ראַטן-פאַרבאַנד. איך האָב געמוזט, ווי דער שטייגער, אַרויסגעבן דאָס בוך אויפן אייגע-נעם חשבון, אָן וועלכער ס׳איז געזעלשאַפטלעכער אונטערשטיצונג.

דאָך איז עס דערשינען אין פאַרלאַג „ישראל-בוך", אונטערן נאָמען „און מען האָט מיך רעהאַביליטירט". די חברים פון דער פּראָגרע-סיווער אָרגאַניזאַציע האָבן אַרויסגעוויזן אינטערעס צום בוך, ווי אויך ביים פאַרשפּרייטן, פאַר וועלכן איך וויל דאָ אויסדריקן מיין דאַנק אַלע מיטגלידער. איך וויל דערמאָנען די חברים, וואָס זענען זייט דעמאָלט אַוועק אין דער אייביקייט: האַלינאַ עדעלשטיין, וועל-כע האָט דאָס בוך אויך איבערגעזעצט אין פראַנצויזיש און איז דערשינען אין 1977; די חברטעס דלוזשניעווסקי און ביילטשע פינקעלשטיין, די חברים פייוועלעוויטש, זשיל בערט, בלומענפעלד, שמואל אייזערשטיין און מענדל לעווינבוים.

דער אָוונט, איינגעאָרדנט פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע צום דערשיינען פון דעם בוך „און מען האָט מיך רעהאַביליטירט", איז געווען אַ טריאומף פאַר דער אָרגאַניזאַציע און פאַרן בוך. במשך פון עטלעכע וואָכן זענען פאַרקויפט געוואָרן אין פּאַריז אי-בער 800 קאָפּיעס, וואָס אין די באַדינגונגען פון פאַרשפּרייטן אַ יידיש בוך, איז עס געווען אַ גרויסע דערגרייכונג. צו דעם האָבן צוגעהאָלפן חברים, ווי אויך די וואַרעמע אָפּרופן און אָפּשאַצונגען אין דער פּרעסע: אין פּאַריזער „אונדזער וואָרט" — ל. דאָמאַנ-קעוויטש; אין „אַרבעטער וואָרט" — ד"ר בערנאַרד לינדענבערג; אין "אונדזער שטימע" — באָרוין פרענקל. בלויז די קאָמוניסטישע „נייע פּרעסע" האָט פאַרשוויגן דאָס בוך. ווען איך האָב געטראָפן דעם רעדאַקטאָר ג. קעניג, מיינער אַ יוגנט-חבר, און אים געפרעגט הלמאי מען שרייבט נישט וועגן דעם אין זיין צייטונג, האָט ער געענטפערט: „אַז איך וועל שרייבן נעגאַטיוו, וועלן די לייענער נאָך מער זיך וועלן באַקענען מיטן בוך. איז דאָס בעסטע צו פאַרשווייגן"...
(מיט 7 יאָר שפּעטער, ווען איך שרייב די שורות, איז וועגן דעם זעלבן בוך, אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, יאָ געווען אַן אָפּהאַנדלונג אין דער פראַנצויזישער ביילאַגע פון די „נייע פּרע-סע". ביי אַ געלעגנהייט האָב איך געפרעגט דעם דירעקטאָר פון דער צייטונג, מאַניקאָווסקי, פאַר וואָס האָט דאָס בוך אין יידיש נישט זוכה געווען אויף קיין אָפּשאַצונג? „הײנט מעג מען שוין"... איז געווען זיין ענטפער).



אָוונט אין פּאַריז (1970) צום דערשיינען פון משה זאַלצמאַנס בוך „און מען האָט מיך רעהאַביליטירט". אין פּרעזידיום (פון לינקס): מאַרסעל קאַראַליצקי, הערשל גאָלדפינגער, חיים קערבער, דער מחבר (רעדט), מרדכי ליטווין, פּאַלאַ זאַלצמאַן, מאַטיס זשעלאַזאַ.

מיט אַפּשאַצונגען זענען אַרויסגעטרעטן: ד״ר לינדענבערג, מ. ליטווין, ב. שלעווין, די זשורנאַליסטן ז. גאָסטינסקי און ה. גאָלד-פינגער. פון די פּראָגרעסיווע — מ. קאַראָליצקי, ח. קערבער און אייזערשטיין; פון דער לובלינער לאַנדסמאַנשאַפט — מ. זשעלאַזאָ. ס׳זענען פאָרגעלייענט געוואָרן באַגריסונגען פון דיכטער אַריה שמרי, פון פויליש-יידישן שרייבער סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי, פון פּאָליטישן סעקרעטאַר פון מפ״ם, נפתלי פעדער.

ביי די מוניציפּאַלע וואַלן אין מערץ 1971, האָט די פּראָגרע-סיווע אָרגאַניזאַציע גערופן אַן אויפקלערונג-פאַרזאַמלונג, אין אַ לאָקאַל פון 10טן אַראָנדיסמאַן. צוויי קאַנדידאַטן פון דעם אַראַנ־דיסמאַן זענען געקומען פאַרטיידיקן זייער שטאַנדפּונקט: דער יידישער פּאַרלאַמענטאַריער מאַרקוס (פון די או.ד.ר.) און אַ פּאַר-שטייער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

נאָכן דערשיינען פון 10טן נומער „פּאַריזער העפטן״, איז אויס-געבראָכן אַ פּאָליטישער סיכסוך צווישן פאָרזיצער פון דער אָרגאַ-ניזאַציע, מיטן מיטגליד פון דער רעדאַקציע-קאָלעגיע, ה. גאָלדפינ-גער. דער סיכסוך האָט געלייגט אַ שווערן חותם אויף דער ווייטער-דיקער, לאָיאַלער צוזאַמענאַרבעט.

דער אמת איז געווען, אַז די „העבודה״-פּאַרטיי האָט, דירעקט און אומדירעקט, גענומען ווירקן אין דער אָרגאַניזאַציע. סאַמעק פינקעלשטיין און הערשל גאָלדפינגער האָבן גענומען מיטאַרבעטן אין „אַרבעטער-וואָרט״, וואָס איז פריער געווען דער אָרגאַן פון לינקע פועלי-ציון. נאָך דער אַנטשטייונג פון מערך, איז זי געוואָרן דער אָרגאַן פון „העבודה״. עטלעכע חברים פון די פּראָגרעסיווע האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיי.

ס׳איז געווען די תקופה פון דער ווערבירונג-קאַמפּאַניע צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס און מיר האָבן באַשלאָסן אַנטייל צו-נעמען אין דער קאַמפּאַניע. אַלע חברים האָבן געגעבן זייער פּער-זענלעכן אָנשלוס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. צוזאַמען מיט דער „העבודה״, האָבן מיר אָרגאַניזירט אַן 1טע מאַי-אַקאַדעמיע, אונטערן פאָרזיץ פון י. שיינער. ס׳זענען אַרויסגעטרעטן: מ. לער-

מאַן פון „העבודה" און גאָלדפינגער פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע. ס'איז אויך פאָרגעקומען אַ גרויסע יום העצמאות-פייערונג, מיטן אַנטייל פון ישראל-אַמבאַסאַדאָר, און אַרויסטרעטונגען פון ד"ר לינדענבערג און דער מפ"ם-שליח אין אייראָפּע, אַריה שפּיר.

צוזאַמען מיט דער „העבודה", האָבן מיר געררופן אַנטייל צו נעמען אין דער דעמאָנסטראַציע ביי דער קאָמונאַרן-וואַנט, אָרגאַניזירט דורך דער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. אין אונדזער לאָקאַל איז פאָרגעקומען אַ רעפעראַט פון שרייבער י. קאָרנהענדלער א.ד.ט. „100 יאָר פּאַריזער קאָמונע". דער שליח פון „העבודה", דער קיבוץ-חבר מאַהלער, האָט ביי אונדז געגעבן אַ ציקל שמועסן וועגן סאָציאַליזם און ציוניזם. כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָר בילד וועגן די וועזנטלעכע אונטערשיידן צווישן די צוויי ישראלדיקע אַרבעטער-פּאַרטייען, „העבודה" און מפ"ם, איז פאָרגעקומען אַן עפנטלעכער סימפּאָזיום צווישן דעם שליח פון מפ"ם דב פודער און דעם שליח פון „העבודה", מאַהלער.

אויסנוצנדיק דעם באַזוך אין פּאַריז פון די צוויי יידישע שרייבער — אַ. ליס און י. ח. קלינגער (לאָנדאָן), האָבן מיר איינגעאָרדנט מיט זיי אַ צוזאַמענטרעף. אַ. ליס האָט רעפערירט וועגן יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע; י. ח. קלינגער — וועגן יידישן ישוב אין ענגלאַנד. י. ח. קלינגער, רעדאַקטאָר פון אַן אילוסטרירטער יידישער צייטשריפט אין לאָנדאָן, האָט אויך פאָרגעלייגט אויסצוברייטערן די „פּאַריזער העפטן" מיט מאַטעריאַלן פון לאָנדאָן און אַפילו פאָרויסגעזען צו שאַפן דאָרט אַ צאָל אַבאָנענטן. אין נומער 11 „פּאַריזער העפטן" איז טאַקע געווען געדרוקט זיינע אַ דערציילונג „דער צדיק פון מיראַנדאַ" און אַ גרעסערע אַרבעט „יידיש טעאַטער צווישןביידע וועלט-מלחמות" פון לאָנדאָנער יידישן אַרטיסט, יוליאַן גאָלד. אָבער די שותפות האָט זיך,ליידער, נישט איינגעגעבן.

מיטן דערנענטערן זיך פון די וואַלן צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, איז דער קאַמף אין פראַנקרייך געוואָרן אַלץ הייסער. ווי דער שטייגער, האָט יעדע פּאָליטישע ריכטונג געוואָלט דערגרייכן וואָס מער שטימען. די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַנגאַ-

זשירט אין דער ווערביר-אַקציע צו געווינען הונדערטער נייע מיט-גלידער פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין דער צייט האָט די „העבודה”-פּאַרטיי איינגעלאַדן דעם סעקרעטאַריאַט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע און פאָרגעלייגט אָפיציעל זיך אַנגאַזשירן אין דער וואַל-קאַמפּאַניע לטובת זייערע קאַנדי-דאַטן, צווישן וועלכע ס׳וועט אויך פיגורירן אויף אַ זיכער אָרט אונדזער סעקרעטאַריאַט-חבר ה. קערבער, וואָס איז אַלע יאָרן געווען אַקטיוו ביי לינקע פועלי-ציון. נאָך אַ באַראַטונג, האָבן מיר פאַרעפנטלעכט די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„וואָלט אין פראַנקרייך עקזיסטירט אַ „מערך” ווי אין ישראל, ווו ביידע אַרבעטער-פּאַרטייען טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין דער רעגירונג, וואָלטן אויך מיר זיך אַנגאַזשירט, ווייל דער גרונט-פּראָגראַם וועלכן די אָרגאַניזאַציע האָט אָנגענומען, איז: אונדזער נאָענטקייט צום סאָציאַליסטישען סעקטאָר אין ישראל, די קיבוצים, און אַז מיר פאַרפליכטן זיך צו שטיצן די מדינה אויף אַלע אופנים. נעמענדיק אין אַכט, אַז אין פראַנקרייך איז נישטאָ קיין „מערך”, וועלן מיר דאָס פּראָבלעם באַהאַנדלען אויפן אויסגעברייטערטן אַק-טיוו. קערבער פיגורירט אויף דער ליסטע ווי אַ חבר פון „העבודה”, אָבער נישט ווי אַ פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע”.

בכדי צו שאַפן אַ „גלייכגעוויכט”, האָבן מיר אָרגאַניזירט צוויי עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען מיט די געסט פון ישראל, וואָס זענען געקומען קיין פאַריז אין שייכות מיט דער וואַל-קאַמפּאַניע צום ציוניסטישן קאָנגרעס: משה ערעם פון „העבודה”, און דוד שטאָק-פיש פון מפ״ם. ביידע פאַרזאַמלונגען זענען אַדורך מיט דערפאָלג.

די אָנפירונג פון „העבודה” האָט אונדזער דערקלערונג אויפ-גענומען מיט פאַרשטענדעניש און גלויבן, אַז די פאַרזאַמלונג פון גאַנצן אַקטיוו וועט אָננעמען זייער ווענדונג. אויף דעם צוזאַמענט-רעף מיטן אַקטיוו, איז נאָך אַ לענגערן מיינונג-אויסטויש איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס איז באַשטימט געווען צו פאַרעפנטלעכן אין „אונדזער וואָרט”, אַז מיר רופן אַ וואָס גרעסערע צאָל יידן צו דעמאָנסטרירן זייער צוגעבונדנקייט צו ישראל און צו דער ציוניסטישער באַוועגונג — די שעפער און פאַרווירקלעכער

פון גרויסן היסטאָרישן ווערק — די אַנטשטייונג און אויפבוי פון מדינת ישראל, און אַקטיוו אַנטייל נעמען אין די וואַלן צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, און אַז **יעדער זאָל שטימען לויט זיין איינזען און געוויסן.**

„אונדזער וואָרט" האָט אָבער אָפּגעזאָגט צו פאַרעפנטלעכן די רעזאָלוציע. און ווי דערשטוינט זענען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן אויפן צווייטן טאָג דערזען אין „אונדזער וואָרט" אַ רוף, **אין נאָמען פון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע,** צו שטימען ביי די וואַלן צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס פאַר דער „העבודה"-ליסטע מיט די אונטערשריפטן פון די וואָס מיט צוויי טעג צוריק, אויף דער זיצונג פון אַקטיוו, האָבן זיי געהויבן די הענט דערפאַר, אַז יעדער זאָל שטימען לויט זיין איינזען און געוויסן.

די „העבודה"-אַנפירונג, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם דערמאָנטן באַשלוס, האָבן דעם זעלבן אָוונט טעלעפאָניש זיך פאַרבונדן מיטן רוב קאָמיטעט-מיטגלידער און געמאַכט אויף זיי אַ פּאָליטישן דרוק אַרויסצוקומען מיט דער פּאָלגנדיקער דערקלערונג, וואָס מיר ברענגען דאָ פון „אונדזער וואָרט":

**אויפרוף פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אָרגאַניזאַציע צו די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס**

„די פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ווערביר-אַקציע אין דער ציוניסטישער וועלט-באַוועגונג, מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז מיר קענען נישט שטיין אין אַ זייט, ווען די באַפרייונג-באַוועגונג, אידעיש פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס איז געווען און פאַרבליבן דער אַוואַנגאַרד פון דעם קאַמף, וועלכן די מדינה פירט פאַר איר קיום.
יעדע אָפּגעגעבענע שטימע דאַרף פאַרשטאַרקן די אַרבעטער-פּאַרטיי („העבודה"). זאָל די ציוניסטישע באַוועגונג וויסן, אַז מיר שטייען אין דער זייט פון די, וואָס טראָגן אויס אויף זייערע פּלייצעס דעם גורל פון דער מדינה און פון פּאָלק ישראל.
דער ציוניסטישער אַרבעטער-בלאָק האָט ווי געהעריק אָפּגע-שאַצט די ראָל פון אונדזער אָרגאַניזאַציע און באַשטימט צוויי-שן אירע קאַנדידאַטן צום קאָנגרעס אונדזער פּאָרזיצער.
דער דאַזיקער צוטרוי, וועלכן די אַרבעטער-באַוועגונג האָט אונדז אַרויסגעוויזן, פאַרפליכטעט יעדן חבר פון אונדזער

באַוועגונג צו טאָן אַלץ, כדי צו זיכערן דעם זיג פון פאַראייניקטן ציוניסטישן בלאָק".

**„שטימט אַלע פאַר דער ליסטע נומער 1!**

„שטימט פאַר דער פאַרייניקטער ציוניסטישער אַרבעטער-באַוועגונג און אומאָפּהענגיקע ציוניסטן".

די חברים, וואָס האָבן נישט געקענט מסכים זיין אויף אַזאַ אומדערהערטער אינטערפּרעטאַציע פון אָנגענומענעם באַשלוס, האָבן אָפּגעדרוקט אַ דערקלערונג אין דער בונדישער „אונדזער שטימע", ווייל „אונדזער וואָרט" האָט זיך אָפּגעזאָגט זי צו פאַרעפנטלעכן:

**דערקלערונג פון דער יידיש-פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע:**

„נאָך דער פאַרזאַמלונג פון 17טן דעצעמבער, דערקלערט די יידיש-פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע:

„1. דער אויפרוף, דערשינען דעם 13טן דעצעמבער אין „אונדזער וואָרט", איז אַ דערקלערונג פון אַ גרופּע מיטגלידער, אָבער בשום אופן נישט אין נאָמען פון דער יידיש-פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע.

„2. דער דאָזיקער רוף איז אַן אַנטי-אָרגאַניזאַציאָנעלער אַקט פון אייניקע חברים, וואָס האָבן נישט קיין רעכט צו רעדן אין נאָמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז אַ פעלשונג פון דער שטעלונג, וועלכע מיר האָבן אָנגענומען בנוגע די וואַלן צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

„3. וועגן דער דאָזיקער שטעלונג האָבן מיר ברייט דיסקוטירט אויף עטלעכע פאַרזאַמלונגען פון אונדזערע מיטגלידער. נאָך אַ מיינונגס-אויסטויש, איז אָנגענומען געוואָרן אַ דעקלאַראַציע, וואָס מיר מאַכן דאָ באַקאַנט, ווייל „אונדזער וואָרט" האָט זיך אָפּגעזאָגט זי צו פאַרעפנטלעכן.

„4. מיר פּראָטעסטירן ווי אַמשאַרפסטן קעגן דעם אומדערהערטן פּרווו צו אוזורפּירן זיך דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע".

איך און ב. שלעווין האָבן וועגן דעם ענין אויך פאַרעפנטלעכט אַ בריוו אין רעדאַקציע פון דער בונדישער טאָג-צייטונג „אונדזער שטימע".

דער הויפּט-פּרינציפּ פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, פון סאַמע אָנהייב פון איר אַנטשטייונג איז געווען דער קאַמף פאַר אויסניכטערונג פון די סטאַליניסטישע רעשטלעך אויף דער יידישער גאַס, אונדזער אומדערשיטערלעכע איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער

מדינה, אונדזער טיפע צוגעבונדנקייט צו דער יידישער קולטור, אין זין פון אמתער, פּאָלקסטימלעכער פּראָגרעסיווקייט. יעדער מיטגליד קומט אין דער אָרגאַניזאַציע אינדיווידועל, ער פאַרטרעט נישט קיין שום פּאַרטיי, צי ריכטונג. אָבער יעדער איינער, האָט אויסער די ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע, געקענט האָבן זיינע אידעאָלאָגישע איינשטעלונגען, זיין פּאַרטייאישע אָנגעהעריקייט — פּונקט ווי דער זשורנאַל „פאַריזער העפטן" איז אַ פרייע טריבונע פאַר אַ פאַרשידנאַרטיקן, אַפילו קעגנזעצלעכן מיינונג־אויסטויש.

די לעצטע זיצונג האָבן אויך בייגעוווינט יענע חברים, וואָס האָבן אַליין געענדערט די אָנגענומענע פּרינציפּיעלע באַשלוסן. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ פּאָליטישן דרוק, אַז דער אָרגאַניזאַציע דראָט אַ געפאַר זיך אָפּצורייסן פון נאַציאָנאַלן לאַגער, פאַרלירן די עפנטלעכע טריבונע („אונדזער וואָרט) און אַז שטימען פאַר „העבודה" הייסט — שטימען פאַר דער ישראל-רעגירונג. מיר האָבן זיי אויפגעוויזן, אַז אַלע אַרגומענ־טן זענען פּאָליטיש פאַלש, ווייל נישט בלויז „העבודה" איז דער נאַציאָנאַלער לאַגער.

די ישראל-רעגירונג איז פלוראַליסטיש, נישטאָ קיין איין-פּאַר־טיי-הערשאַפט, די ציוניסטישע באַוועגונג שפּיגלט אָפּ פאַרשיידענע טענדענצן אינעם יידישן פאָלק.

דעם סך-הכל, וועלכן כ׳האָב אונטערגעצויגן פאַר די העכער פיר יאָר טעטיקייט, זינט איך האָב גענומען די איניציאַטיוו צונויפ־צורופן די ערשטע באַראַטונג, וואָס האָט געשאַפן די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע — איז געווען מיין גרעסטע פּאָליטישע סאַטיספאַקציע, טראָץ אַלע שוועריקייטן. די אידעישע טראַנספאָרמאַציע במשך די פיר יאָר, ביז ס׳איז רייף געוואָרן דער אָנשלוס אין דער ציוניסטי־שער באַוועגונג — דאַרף באַגריסט ווערן. די חברים וואָס האָבן עפנטלעך גערופן צו שטימען פאַר איין ריכטונג אין דער ציוניס־טישער באַוועגונג, האָבן געמאַכט זייער אידעישן אויסוואַל, הגם אויף אַ נישט ריכטיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן אופן. אָבער נאָך דעם וואָס ס׳איז געשען, איז נישטאָ קיין שום באַרעכטיקונג ווייטער צו שפּילן די ראָל פון אומפּאַרטייאישקייט. די ציוניסטישע באַוועגונג איז

פּילפּאַרביק, מיר דאַרפֿן פֿאַרשטאַרקן די ציוניסטישע פּאַרטייען מיט נייע כוחות, אַז די באַוועגונג אין פֿראַנקרייך זאָל ווערן דער דאָמינאַנטער כוח אָנצופֿירן מיטן יידישן ישוב, זאַמלען וואָס ברייטערע מאַסן אַרום ישראל, פּאָליטיש, ווי פֿינאַנסיעל.

די מערהייט חברים זענען נישט מסכים געווען מיט מיין אָפּשאַצונג און געוואָלט פֿאַרזעצן די טעטיקייט אויף דעם אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג. איך האָב מיין הסכמה נישט געגעבן — און די וועגן זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען. איך בין געבליבן טריי מיין רוף צו דעם קאָמיטעט פֿון דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע, מיטצוהעלפֿן שטאַרקן די ציוניסטישע באַוועגונג, לויט מיין אופֿן, העלפֿנדיק אָרגאַניזירן און אויסברייטערן די יידיש־רעדנדיקע גרופּע פֿון די פֿריינד פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין ישראל, מפ״ם. חבר שלעווין, וואָס האָט פֿאַר יעדן פּרייז געוואָלט ראַטעווען די צייטשריפֿט זי זאָל ווייטער דערשיינען, האָט פֿאַרבויגן אַלע עוולות. עס זענען דערשינען, נאָך צוויי נומערן „העפֿטן״, אָבער די סיכסוכים האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט אַרום דער פֿראַגע פֿון פּאָליטיש־אידעישן אינהאַלט פֿון זשורנאַל. דער רעדאַקטאָר ב. שלעווין, די דיכטערין טאַני זיסמאַן און דער רעדאַקציע־סעקרעטאָר וואָלפֿסהאַט האָבן איבערגעריסן מיט דער אָרגאַניזאַציע. דער לעצטער נומער איז רעדאַגירט געוואָרן פֿון יחזקאל קאָרנהענדלער. אָבער די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע האָט פּאַקטיש אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן ווי א פּאָליטישער, דינאַמישער כוח.

די סאָציאַלע אַרבעט פֿון העלפֿן דעם אַנשטאַלט פֿאַר דעפּעקטיווע קינדער אין פּתח־תקוה, וואָס איז פֿריער געווען נישט מער ווי אַ זייטיקע טעטיקייט פֿון אַ קאָמיסיע, איז איצט געוואָרן די צענטראַלע אויפֿגאַבע (וואָס ווערט פֿאַרגעזעצט מיט אַ צוגעגעבענעם נאָמען: פּראָגרעסיווע יידיש אָרגאַניזאַציע, פֿריינט פֿון ישראל. איר פֿאָרזיצער איז דער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער טוער חיים קערבער).



באַנקעט צו דער גרינדונג פון „צערקל בערנאַר לאַזאַר". ביים מיקראָ: **ד"ר גינצבורג**. אין פרעזידיום זיצן: **געוו.** מיניסטער **דאַניעל מייער**; אַדוו' אַנדרעי **בלומעל**; **אַדאָלף פּאַזנאַנסקי** און אַנד.

## דער צערקל בערנאַר לאַזאַר

די געשעענישן אין ראַטן-פאַרבאַנד אין באַצוג צו יידן, צו זייער קולטור און צו מדינת ישראל, האָבן אויך אַרויסגערופן אַן ענלעכן פּראָצעס פון איבערראַשאָצן ווערטן ביי טיילן פון די יידיש-פראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן.

דער סלאַנסקי-פּראָצעס און די וויסטע העץ-קאַמפּאַניע קעגן די „מערדער אין די ווייסע כאַלאַטן", וואָס איז אַן בושה געווען געפּאָרט מיט אַן אַנטי-ישראלדיקער און אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַ-ניע, איז מיט פאַרביטערונג אויפגענומען געוואָרן פון פראַנצויזיש-רעדנדיקע, לינק-געשטימטע יידן, וואָס זענען געווען אַנגעשלאָסן אין מאַסן-אָרגאַניזאַציעס, קאָנטראָלירט און געפירט פון דער פראַנ-צויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

חברים פון „השומר הצעיר" און פון לינקע „פּועלי ציון", וואָס זענען געווען אַקטיוו אין די יאָרן פון דער היטלעריסטישער אָקו-פּאַציע אין דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג, צוזאַמען מיט די קאָמו-ניסטן, האָבן טיילווייז צוזאַמען געאַרבעט אויך נאָך דער מלחמה. דער „השומר הצעיר" האָט ערב דער מדינה-אַנטשטייאונג אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דער אומלעגאַלער עליה. פראַנקרייך איז געווען אַ טראַנזיט-צענטער פאַר די וואָס זענען געקומען פון די די.פּי. לאַגערן. שוין אין 1945, איז אין דער פּאַריזער געגנט פון פאָנטענבלאָ פאָרגעקומען אַן אייראָפּעישע קאָנפערענץ פון „השומר הצעיר", מיט דער באַטייליקונג פון די שליחים פון קיבוץ אַרצי: חייקה גראָסמאַן, חיים אַגוזי, קורט הערץ. די טע-טיקייט, געפירט צוערשט אין פּראָוויזאָרישע לאָקאַלן, איז איבערגע-פירט געוואָרן אויף 17 רי דע לאַ וויקטואַר אין פּאַריז.

דאָס אונטערשטיצן מצד די קאָמוניסטן דעם יידישן ישוב אין ארץ-ישראל אין זיין קאַמף קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם, גאָר באַזונדערס — נאָכן אונ"אָ-באַשלוס פון 29סטן נאָוועמבער 1947 צו שאַפן אַ יידישע מדינה, געשטיצט פון ראַטן-פאַרבאַנד — האָט געשאַפן אַ גינסטיקן קלימאַט פון צוזאַמענאַרבעט מיט די קאָמוניס-טן. די קאַמפּאַניע פאַר משפּטן די מלחמה-פאַרברעכער און קעגן

דער ווידער-באַוואָפּענונג פון מערב-דייטשלאַנד, האָט אויך גורם געווען צו אַ דערנענטערונג. בעת די קאָמוניסטן האָבן אין 1949 געשאַפן דעם מרא״פ — די גרויסע, אומפּאַרטייאישע אָרגאַני-זאַציע קעגן ראַסיזם, אַנטיסעמיטיזם און פאַר שלום, האָבן דער „השומר הצעיר״ און אַנדערע פּראָ-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיך אָנגעשלאָסן. אַז דער קלימאַט אין דער געשאַפענער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פּראָ-ישראלדיקער, קען דינען דער פאַקט, אַז אויפן ערשטן מאַסן-יום-טוב אין צירק ד'היווער, איז אין פּרעזידיום, צוזאַ-מען מיטן גאַנצן עולם, געזונגען געוואָרן די „התקוה״ (וואָס דער מרא״פּ, ביי איר פייערונג פון דער 30-יאָריקער עקזיסטענץ, האָלט פאַר נײטיק צו פאַרשווייגן). אויפן ערשטן קאָנגרעס, דעם 22סטן מאַי 1949, איז אַלס פּרעזידענט אויסגעוויילט געוואָרן דער געוו. דירעקטאָר פון לעאָן בלומס קאַבינעט, אַדוואָקאַט אנדריי בלומעל. ער איז גאַנץ באַזונדערס געווען אַקטיוו אַנגאַזשירט אין דער ערב מדינה-פעריאָד, צו שאַפן געווער פאַרן ישוב. פאַקטישער גענע-ראַל-סעקרעטאָר (הגם פאָרמעל האָט ער געטראָגן דעם טיטול וויצע-סעקרעטאָר), איז געווען דער פירער פון „השומר הצעיר״, אַנרי בולאַווקאַ. פאָרזיצער פון דאָקטוירים-קאָמיטעט און פאָרזי-צער פון דער גרויסער מאַסן-אונטערנעמונג פאַר באַפרייען עטל און דזשוליוס ראָזענבערג, איז געווען דער רעדאַקטאָר פון מעדי-ציניש זשורנאַלן, ד״ר גינזבורג, וואָס איז אידעיש נאָענט צו דער לינק-ציוניסטישער באַוועגונג.

ווען אָבער דער מרא״פ האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער וויסטער אַנטי-ישראלדיקער קאָמפּאַניע, וואָס דער קאָמוניסטישער בלאָק האָט געפירט בעת דעם סלאַנסקי-פּראָצעס און נאָכגעפּלאַפּלט די ווילדע אויסטראַכטענישן קעגן „די מערדער אין די ווייסע כאַלאַטן״, האָט אַנרי בולאַווקאַ זיך צוריקגעצויגן פון זיין טעטיקייט אין מרא״פ. אים האָט נאָכגעפאָלגט פּרעזידענט אַנדריי בלומעל, דער רעדאַקטאָר פון מרא״פ-זשורנאַל ד״ר אַווערבוך, אַדוואָקאַט אַ. פאָזנאַנסקי, ד״ר גינזבורג אאנ״ד.

אויף דער ערשטער באַראַטונג, פאַרגעקומען אין הויז פון אַנדריי בלומעל, האָט פאָזנאַנסקי פאָרגעלייגט צו שאַפן אַן אום-

פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע פון יידיש-פראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן אויפן נאָמען פון **בערנאַר לאַזאַר**. די איינשטימיקייט וועגן דעם נאָמען, האָט גלייך געגעבן אַ געוויסע אידעאָלאָגישע אָריענטאַציע דער באַוועגונג. בערנאַר לאַזאַר, באַרימטער יידיש-פראַנצויזישער שרייבער, ליטעראַטור-קריטיקער, זשורנאַליסט, איז געווען פון די ערשטע פּערזענלעכקייטן אויפצוהייבן אין פראַנקרייך דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם פון די טראַדיציאָנעל-רעכטע קלעריקאַלן און אַנטי-רעפּובליקאַנער. ער האָט אויך פּאָלעמיזירט מיט די פּסעוודאָ-סאָציאַליסטן, מיט די אָנהענגערס פון אַנאַרכיזם, מיט די פּרודאָניסטן און בלאַנקיסטן. ער איז געווען דער איניציאַטאָר און לעבעדיקער נערוו צו רעווידירן דעם דרייפוס-פּראָצעס און דערמיט פאַרשריבן אַ הערלעך בלעטל אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך. געבוירן דעם 14טן יוני 1865 אין נים, ביי עלטערן, אָפּשטאַמיקע פון עלזאַס. זיין פאָטערס הויז און די סביבה ווו ס'זענען אדורך זיינע יוגנט-יאָרן, איז געווען רייך אין גייסט. מען האָט דאָרט אָפט דיסקוטירט וועגן ליטעראַטור, קונסט, רעליגיע, וויסנשאַפט. פון זיינע דריי עלטערע ברידער, האָט איינער פאַרענדיקט דעם פּאָליטעכניקום, דער צווייטער — מעדיצין, דער דריטער — אַ גרויסער קענער פון קונסט און דערפאָלגרייכער קונסט-הענדלער.

אין עלטער פון 21 יאָר קומט בערנאַר לאַזאַר קיין פּאַריז, לערנט צוערשט אויפן פאַקולטעט פאַר וויסנשאַפט און רעליגיע, שפּעטער — ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. צוזאַמען מיט זיין קוזין שרייבט ער אָן אַ טראַגעדיע אין 3 אַקטן וועגן גריכישע שיינקייטן אין אַלטערטום. מען געפינט דעם באַגאַבטן יונגן מענטש צווישן די לעקטאָרן פאַר די פרייע סאָציאַליסטישע סטודענטן, צוזאַמען מיטן די סאָציאַליסטישע פירערס זשיל געד, זשאָרעס, גראַס אאנ"ד. ער שרייבט פלאַם-פייערדיקע פּאָלעמישע אַרטיקלען קעגן דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך באַזונדערס פונאַנדערגעבליט אין די 80קער און 90קער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, וואָס האָט דערפירט דערצו, אַז 100 יאָר נאָך דער יידן-עמאַנציפּאַציע, זאָל מען קענען אינסצעניזירן אַ דרייפוס-פּראָצעס. ער גיט אַרויס אַ בוך וועגן דער געשיכטע פון אַנטיסעמיטיזם און זיין סיבה.

אַ צווייט בוך — וועגן אַנטיסעמיטיזם און רעוואָלוציע, וואָס איז באַזונדערס געווען געוואָנדן קעגן אַנטיסעמיטישן שרייבער עדוואַרד דרימאָן.

בערנאַר לאַזאַר ווערט אָפּגעשאַצט דורכן ליטעראַטור-קענער ראַבי, אַז אין אָנהייב האָט ער נאָך געבלאָנדזשעט, פּאַרטיידיקנדיק בלויז די פראַנצויזישע יידן, וואָס לעבן שוין אויף דער ערד פון פראַנקרייך 2000 יאָר, אָבער נישט די צוגעפאָרענע, די אימיגראַנטן פון מזרח-אייראָפּע. אָדער — ווען ער גיט אָן דעם מאַרקסיסטישן „רעצעפּט", אַז מיטן פאַרשווינדן פון קאַפּיטאַליזם, וועלן אויך יידן, ווי אַ פאָלק, במילא פאַרשווונדן. אָבער מיטן פאַרמשפּטן דעם קאַ-פּיטאַן דרייפוס, באַגלייט מיט אַן אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע, איז דער 30-יאָריקער בערנאַר לאַזאַר אויפסניי ווי געבוירן געוואָרן. ער שאַצט אָפּ דעם פראָצעס ווי אַ סימבאָל פון יידישער אונטער-דריקונג און טרעט אַרויס אין קאַמף קעגן די רעכטע אַנטיסע-מיטן, כלומרשטע ליבעראַלן, ביז די לינקע, וואָס זעען אין דעם פראָצעס אַ קאַמף צווישן יידישע און פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן.

ער גיט אַרויס אין בריסל אַ בראָשור (וואָס ווערט פאַרשפּרייט אין פּאַריז), פאַר רעווידירן דעם פּראָצעס. ער ווירקט אויף דעם שריפטשטעלער עמיל זאָלאַ, ער זאָל זיך אָנשליסן אין דער אַקציע, מיטן פאַרעפנטלעכן זיין באַרימטן בריוו: „איך באַשולדיק". דער פּראָצעס האָט אַלעמען טיף אויפגערודערט, אַזוי אויך דעם וויזיאָ-נער פון אַ יידישער מדינה, טעאָדאָר הערצל, וואָס שרייבט אין זיין טאָגבוך דעם 17טן יולי 1896: „אויף מיין אַדורכפאָר אין פּאַריז, געהאַט אַ פריינטלעכן שמועס מיט בערנאַר לאַזאַר. ער האָט מיך באַקענט מיט מאַירסאָנען. דעם 18טן געהאַט אַ טרעפונג מיט די אָרטיקע ציוניסטן. דעם 21סטן זענען מירביידע אַרויסגעטרעטן אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, ביי די יידיש-רוסישע סטודענטן".

בערנאַר לאַזאַר ווערט אַ מיטגליד אין ערשטן ציוניסטישן אַק-ציאָנס-קאָמיטעט. ער האָט זיך דערנענטערט צו די יידישע אַרבע-טער-אימיגראַנטן פון פּוילן, רוסלאַנד, רומעניע.

אין שטורמישן יאָר 1898, נאָך דעם ווי בערנאַר לאַזאַר האָט זיך צום ערשטן מאָל צונויפגעטראָפן מיט אָרגאַניזירטע יידישע אַר-

בעטער-עמיגראַנטן, איז דערשינען אַ בראָשור — אין דער פראַנצויזישער שפּראַך — „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט — אַן אָפענער בריוו פון יידישע אַרבעטער אין פּאַריז צו דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". די בראָשור איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער פאַלשער טאַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין ענין „דרייפוס". לויט דער דערקלערונג פון דינער און קאַרפּעל, די צוויי אונטערשרייבער פון דער בראָשור, האָט די איניציאַטיוו געשטאַמט פון בערנאַר לאַזאַר; ער זאָל זי האָבן רעדאַקטירט, ווייל אין איר געפינט מען געדאַנקען פון אַ פריערדיקער אַרבעט זיינער: „L'antisemitisme et la revolution".

עטלעכע ציטאַטן פון דער היסטאָרישער בראָשור:

„יידן וועלן תמיד זיין די היסטאָרישע מאָס — פּאַר עקסעלאַנס — פון דעם מצב פון פּראָגרעס, כמעט ביי אַלע פעלקער און אַלע עפּאָכעס. אינעם זכות פון דער מענטשלעכער נטיה צו פּאַראַלגעמיינערן, וואָס שאַפט דעם כוח פון אמונות, האָט מען אונדז שטענדיק געהאַלטן פאַר פּראָצענטניקעס, פּאַרעטער, ווייל, ווי אומעטום, זענען אויך ביי אונדז געווען פּראָצענטניקעס, ווי פּאַרעטער; מיר זענען אַלע רייך, ווייל צווישן אונדז זענען אויך דאָ גבירים. דאָס וואָרט „ייד" איז געוואָרן דער סינאָנים פון בורזשואַזן קלאַס, ווי ס'טענהט אַ סאָציאַליסטישע פראַקציע.

...דאָס יידישע פאָלק איז דאָס פּראָלעטאַרישסטע פאָלק אין דער וועלט, אינעם דאָפּלטן זין, הן ווי אַ קלאַס און הן ווי אַ נאַציע, ווייל מיר זענען די פּאַריאַס פון די קלאַסן און די פּאַריאַס פון די פעלקער. אין נאָמען פון גאַנצן יידישן פּראָלעטאַרישן פאָלק, וואָס ווענדעט די בליקן צו אייך, דאַרפט איר אונדז פאַרטיידיקן קעגן ראַסן-האַס און רעליגיעזער שנאה. איר, פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, איר, וואָס רעפּרעזענטירט די נייע דאָקטרינע פון גלייכהייט און פרייהייט, דאַרפט צוריק אויפלעבן איר אמתן באַדייט."

הערצל האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויס געווינס בערנאַר לאַזאַרס צושטיין צו דער נאַר וואָס געשאַפענער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער ווערט אויסגעוויילט אינעם ערשטן ציוניסטישן אַקציאָנס-קאָמיטעט; אויפן צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס, זיצט ער אין פּרעזידיום. צוזאַמען מיט נחמן סירקין, טראָגט ער אַריין אַ שריפטלעכע ווענדונג צום קאָנגרעס וועגן גרינדן ציוניסטישע אַרבעטער-פאַריינען.

אין יאָר 1903, אַלט זייענדיק 38 יאָר — לעשט זיך אויס זיין שטורמיש, שעפעריש לעבן. אָבער די אַנטיסעמיטן האָבן אַפילו דעם טויטן לאַזאַרן נישט געקאָנט מוחל זיין... ווען דער סאָציאַליסטישער שטאָט-ראָט אין ניס האָט אין 1908 אויפגעשטעלט אין צענטער שטאָט זיין דענקמאָל, האָבן די אַנטיסעמיטן, אין אַ פינצטערער נאַכט, אָפּגעהאַקט זיין יידישע נאָז. בעת דער אָקופּאַציע, האָבן די היט-לעריסטן צעשטערט דעם דענקמאָל.

פאַרן יידישן פאָלק, און באַזונדערס פאַר דער ציוניסטיש-סאָ-ציאַליסטישער באַוועגונג, איז בערנאַר לאַזאַר דער סימבאָל פון מוטיקן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. דער אַנאַרכאָ-סאָציאַליסט לאַ-זאַר האָט שוין דעמאָלט איינגעזען די אידעישע האַרמאָניע צווישן סאָציאַליזם און ציוניזם.

אַנרי בולאַווקאַ, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער צווייטער טרעפונג ביי אַנדריי בלומעל, האָט פאָרגעלייגט, אַז דער צערקל זאָל נישט נאָר טראָגן דעם נאָמען פון בערנאַר לאַזאַר נאָר אויך זיין פאַרבונדן מיט דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ישראל, מיטן קיבוץ אַרצי און מפ״ם. די וואָס האָבן זיך שוין געהאַט „אָפּגעבריט״ פון דער פּאָליטישער פאַרבינדונג מיטן מרא״פ — האָבן זיך צוריק געצויגן. אָבער די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע, דער „צערקל בערנאַר לאַזאַר״, איז געשאַפן געוואָרן אויף דער באַזע.

אַנדריי בלומעל האָט געזאָלט ווערן פּרעזידענט פון דער ניי-געשאַפענער אָרגאַניזאַציע, און איר גענעראַל-סעקרעטאַר — אַנרי בולאַווקאַ. בלומעל האָט נישט געקענט דאָס אָקצעפּטירן, ווייל אין צווישן-צייט האָט מאַרק יאַרבלום, לאַנגיאָריקער מנהיג פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין פראַנקרייך, עולה געווען קיין ישראל און פאָרגעלייגט, אַז בלומעל זאָל איבערנעמען די אָנפירונג פון דער פעדעראַציע. בלומעל האָט געגעבן זיין הסכמה. יאַרבלום האָט דערמיט געוואָלט הייבן דעם פרעסטיזש פון דער ציוניסטישער פע-דעראַציע, אויב אין איר שפּיץ זאָל זיך געפינען אַ געוועזענער פראַנ-צויזישער מלוכה-מאַן. גלייכצייטיק האָט ער געוואָלט אויסדריקן אַנערקענונג פאַר בלומעלס גרויסע לייסטונגען לטובת ישראל אין

דעם ערב-מדינה-פעריאָד, און די גרויסע ראָל זיינע אויפן אמט פון סעקרעטאָר פון לעאָן בלומס קאַבינעט, מיטווירקנדיק דערצו, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג זאָל זיין פּאָזיטיוו בעת דער היסטאָרישער אָפּשטימונג אין דער אונ"א וועגן שאַפן די יידישער מדינה און העלפנדיק די „מעפּילים" פון דער „עקסאָדוס"-שיף.

אַלס פּרעזידענט פון „צערקל" איז דעריבער אויסגעוויילט גע-וואָרן ד"ר בנימין גינזבורג. די ערשטע פייערלעכע פאַרזאַמלונג פון דער ניי-אַנטשטאַנענער אָרגאַניזאַציע איז גערופן געוואָרן אין זאַל פון האָטעל „מאָדערן". דעם פּרעזידיום-טיש האָבן פאַרנומען: סענאַטאָר אַנרי טאָרעס, דער פאַרטיידיקער פון שלום שוואַרצבאַרד; געוועזענע און שפּעטערדיקע מיניסטאָרן אין דער פראַנצויזישער רע-גירונג, ווי דאַניעל מייער, עדואַר דעפּרע, לעאָן האַמאַן, אַדוו' זשיפּ אאנ"ד. אין דעם באַריכט פון גענעראַל-סעקרעטאָר אַנרי בולאַווקאַ, צו דער 20-יאָריקער עקזיסטענץ פון דעם „צערקל" און פון די„ העפּ-טן" וואָס דערשיינען רעגולער, קומט צום אויסדרוק די דינאַמיש-קייט און די טיפע וואָרצלען פון דער אָרגאַניזאַציע. פאַר אַ סך פון די יידישע, לינק-אָריענטירטע אינטעלעקטואַלן, איז דער „צער-קל" די איינציקע ראַם וואָס פאַרבינדט זיי מיטן יידישן ישוב. אָן דעם „צערקל", וואָלטן זיי פאַרלוירן געגאַנגען פאַרן יידישן פאָלק. דער „צערקל" האָט אַקטיוו זיך באַטייליקט אינעם פּאָליטישן און קולטור-געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ישוב און איז פיל מאָל געווען דער איניציאַטאָר און אוואַנגאַרד, ווי ביים אויפשטייגן פון ווילדן שאָוויניזם, פון פּוזשאַדיזם, ווי קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין ראַטן-פאַרבאַנד, קעגן דער קיטשקאָ-בראָשור און קעגן די עקאָנאָמישע פּראָצעסן קעגן יידן אין כרושטשאָוו-פּעריאָד.

דער „צערקל" איז אויך אַקטיוו אין „קריף", אין יידישן וועלט-קאָנגרעס, אין „פאָנד-סאָציאַל". ביז דער זעקס-טאָגיקער מל-חמה, איז דער צערקל געווען פאַרבונדן פּאָליטיש מיט די פּ.ס.או., אַקטיוו אַנטייל גענומען אין די אַלגעמיינע פּאָליטישע אַקציעס אין לאַנד קעגן דער מלחמה אין אַלזשיריע, אינדאָכינע, קעגן גענאָסייד אין ביאַפראַ אאז"וו. ער איז אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט דער לינק-ציוניסטישער אַרבעטער-באַוועגונג אין ישראל.



מיטינג פון „צערקל בערנאַר לאַזאַר“ קעגן אַנטיסעמיטיזם. ביים מיקראָ: ה. בולאַווקאַ. אין פרעזידיום זעט מען: ד״ר גינצבורג, רעדאַקטאָר הרב ז. גרינוואַלד, פּראָפ׳ אַלפרעד קאַסטלער, דער שרייבער ראָזשע אסקא, אַדוו׳ סערזש קלאַרספעלד, פּראָפ׳ וולאַדימיר יאַנקעלעוויטש, פּראָפ׳ ריטאַ טאַלמאַן.

ערב דער זעקס-טאָגיקער מלחמה, האָט דער „צערקל״ געמאַכט אַן אַפּעל צו די פראַנצויזישע אינטעלעקטואַלן וועגן דער גרויסער געפאַר פאַרן יידישן פאָלק און פאַר ישראל, געזאַמלט אונטערשריפ־טן ביי אַזעלכע וועלט-באַרימטע אינטעלעקטואַלן, ווי זשאַן-פּאָל סאַר־טר, פּאַבלאָ פּיקאַסאָ און אנ״ד. דער צערקל האָט אָרגאַניזירט מיטינ־גען און פאַרזאַמלונגען. ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געלט-זאַמ־לונג, אונטער דער אָנפירונג פון לאה וויינטרויב, אַדוו׳ פּאָזנאַנסקי, מאַקס מעלמאַן (אַלע דריי האָבן שפּעטער עולה געווען קיין ישראל).

נאָכן זיג פון צה״ל, האָט דער צערקל, צוזאַמען מיט די חברים פון מפ״ם אין ישראל אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר שלום, זוכנדיק וועגן פון פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבישע שכנים. צוזאַמען מיט דער רעדאַקציע פון זשורנאַל (אין ענגליש) „ניו-אַוטלאָק״, זע־נען געשאַפן געוואָרן קאָמיטעטן אין בריסל, אַנטווערפּן, איטאַליע, ענגלאַנד און שווייץ. לויט דער איניציאַטיוו פון רעדאַקטאָר שמחה פלאַפּאַן, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ ספּעציעלער נומער פון דעם זשורנאַל „טאַן מאָדערן״, רעדאַגירט פון זשאַן-פּאָל סאַרטר, גע־ווידמעט דעם ישראל-אַראַבישן קאָנפליקט. אויסער זשאַן-פּאָל סאַר־טר און קלאָד לאַנצמאַן, נעמען אָנטייל 44 פּערזענלעכקייטן — 17 אַראַבער און 27 ישראלים. די אויסגאַבע האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין די אינטעלעקטועלע קרייזן, נישט נאָר אין פראַנקרייך.

דערנאָך זענען איינגעאָרדנט געוואָרן שטודיר-טעג וועגן דער ראָל פון פּראָגרעסיוון יידנטום אין אונדזער תקופה, מיטן אָנטייל פון פּיער מענדעס פראַנס, ד״ר נחום גאָלדמאַן, דאַניעל מייער, די קאָמוניסטישע סענאַטאָרן פון איטאַליע — אומבערטאָ טעראַסינע און ליסאַנע אַסקאַלי, ענגלישע לייבאָר-דעפּוטאַטן — מאָריס אָרבאַך און דזשאָן מענדעלסאָן, געוועזענער מיניסטער אין פראַנקרייך לעאָ האַמאָן, סינדיקאַלער טוער שאַרל לעווענסאָן, דוד זיסקינד פון בריסל, ד״ר ברונאָ פרעי פון ווין, ווי אויך די שרייבער: אָנדריי שוואַרצבאַרד, אַלבער מעמי, ראָבער מזרחי, קלאָד לאַנצמאַן, זשעראַר איזראַעל, ראַבי, ראָזשע אַקריש, זשאַק זאַיווע, פּראָפע־סאָרן: יאַנקעלעוויטש, עליזאַבעט דע פאָנטענאַ, בלומענקראַנץ; די אַדוואָקאַטן איוו זשופאַ, מישעל דרייפוס-שמידט און צענדליקער

אוניווערסיטעט־פראָפעסאָרן, דערפינדער, אויך די טוער פון „מש־מר" — די סטודענטן-גרופּע ביים צערקעל, וואָס האָבן צוזאַמען מיטן יידישן סטודענטן-פאַרבאַנד, פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד בעת די אומרוען אין מאי 1968.

די מאַי-געשעענישן, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן קעגן די פּאַרעלטערטע לערן-מעטאָדן אין די שולן און אוניווערסיטעטן, זענען אויסגעוואַקסן אין אַ פּראָטעסט-קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם, קעגן דער קאָנסומאַציע-געזעלשאַפט, קעגן טאָטאַליטאַריזם, לויטן פּירוש פון פאַרשידענע לינקיסטישע גרופּן, טראָצקיסטן, אַנאַרכיס-טן, מאַאָ׳יסטן. פיל פון זיי — קינדער פון יידישע אימיגראַנטן, האָבן דעמאָנסטרירט זייער קאָסמאָפּאָליטיזם, זייער היפּער-אינטערנאַציאָ-נאַליזם, און איבער אַלעמען — קעגן ישראלדיקן אימפּעריאַליזם, קעגן ציוניזם. דאַקעגן דער אַראַבישער נאַציאָנאַליזם און שאָוויני-זם, מיט זייער פאַרברעכערישן טעראָר אויף קינדער און דער פריד-לעבער באַפעלקערונג — איז געוואָרן „רעוואָלוציאָנער" און פּראָגרעסיוו.

די חברים אַנרי בולאַווקאַ, אלי בן-גל, שמחה פלאַפּאַן, דב פודער, אַריה שפיר האָבן מיט מוט און דרייסטקייט אַנטייל גענומען אין די דיסקוסיעס מיט די טויזנטער יוגנטלעבע אין דער „סאָרבאָן" און אין אַנדערע קאַמפּאָסן, פאַרטיידיקט דעם ציוניזם און די ישראל-דיקע אַרבעטער-באַוועגונג.

די פּ.ס.או., אַ קליינע, אָפּגעשפּאָלטענע גרופּע פון דער סאָ-ציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט זיך באַזונדערס אַרויפגעכאַפּט אויפן אַנטי-ישראלדיקן פערדל, שטעלנדיק די פראַגע וועגן דער עקזיס-טענץ-באַרעכטיקונג פון ישראל בכלל. מפ״ם, ווי אויך דער „צער-קל", האָבן מיט זיי איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג. דער אָנגעווייַ-טיקטער פּראָבלעם איז אָבער געבליבן — קאַמף פאַר שלום אין ישראל, וואָס איז די הייסע שטרעבונג פון יעדן ייד.

דער צערקל בערנאַר לאַזאַר האָט אויך אַנטייל גענומען אין די צוגרייטונגען צו דער קאָנפערענץ אין בולאָן, געפּרופן דורך די איטאַליענישע קאָמוניסטן און אַנדערע — אַ דיאַלאָג פון ישראלים מיט אַראַבער. זיי האָבן אַנטייל גענומען אין דער קאָנפערענץ אין

תל-אָביב פון לינקע אינטעלעקטואַלן, וואָס דער זשורנאַל „ניו אוטלאָק״ האָט צוזאַמענגערופן. אין דער פראַנצויזישער דעלעגאַ-ציע איז אויך געווען מענדעס פראַנס. די קאָנפערענץ איז פאָר-געקומען אין דער זעלבער צייט (נאָוועמבער 1979), ווען סאַדאַט איז געקומען קיין ירושלים. פאַרשטייער פון צערקל האָבן פֿיל מאָל זיך געטראָפן מיט טוערס פון די גרויסע סינדיקאַלע צענטראַלעס ס.זש.ט. און ס.פ.ד.ט. מיט אויפקלערונגען וועגן ישראל-אַראַבישן קאָנפליקט. מען שטייט אויך אין פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַליס-טישער פאַרטיי. דער צערקל שטיצט די פּאָליטישע כוחות, וואָס שטרע-בן צו אַ זיג פון סאָציאַליזם „מיט אַ מענטשלעך פּנים״.

היי-יאָר וועט דער צערקל אָפּצייכענען 25 יאָר עקזיסטענץ. אין איצטיקן מאָמענט, איז דער צערקל אַ דאַך-אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער ס׳זענען אַנגעשלאָסן די יוגנט פון „השומר הצעיר״, „מש-מר״, פרויען-גרופּע א.נ. „חביבה רייק״ און די יידיש-רעדנדיקע גרו-פּע „פריינד פון מפ״ם״. אין זייער פּאָליטיש-אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט, זענען די דערמאָנטע פאָרמאַציעס פולשטענדיק אויטאָנאָם.

דער „השומר הצעיר״ נעמט אַרום קינדער פון 11 ביז 17 יאָר, פירט אַ דערציונג-אַרבעט אין גייסט פון חלוצישן ציוניזם, אין די צוויי טעג אין דער וואָך, ווען די קינדער לערנען נישט אין שול. אַוודאי איז דאָס נישט גענוג אויף איינצופלאַנצן אין זיי די ליבשאַפט צו ישראל, ווייל זיי לעבן אין אַ סביבה ווייט פון יידישקייט, בפרט אין די פראַנצויזישע שולן. דערפאַר שענקט מען אַ סך אויפמער-קזאַמקייט די וואַקאַנס-קאָלאָניעס, ווינטער און זומער. אין אויגוסט 1978, זענען אין דער אייראָפּעישער קינדער-קאָלאָניע פון „השומר הצעיר״ אין פראַנקרייך, געווען קנאַפּע 600 אַנטיילנעמערס.

כמעט יעדן זומער ווערן אָרגאַניזירט קינדער-קאָלאָניעס אין ישראל, כדי פון דער נאָענט דערלערנען די ישראל-ווירקלעכ-קייט און זיי אינספּירירן צו עליה. קינדער, דערצויגענע אין „השומר הצעיר״, זענען דורכגענומען מיט פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט צום פאָלק און צו דער מדינה. אין 1980 איז געוואָרן 50 יאָר זייט ס׳עק-זיסטירט אין פראַנקרייך די „השומר הצעיר״ באַוועגונג. פיל

פון די קינדער האָבן עולה געווען און זענען היינט צו טאָג אין קיבוץ. כמעט אַלע מדריכים וואָס קומען אַהער, האָבן זייער דערציִונג באַקומען אין „השומר הצעיר".

דער קיבוץ אַרצי טוט אַלץ אויף צו פאַרמינערן די וואַקסנדיקע אַסימילאַציע אין די תפוצות, דורך שיקן שליחים און געבן די קינדער אַ ציוניסטישן חינוך. דאָס דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן צו די גרויסע נאַציאָנאַלע אויפטוען פון דער קיבוצישער באַוועגונג.

## אַנרי בולאַווקאַ און דער „השומר הצעיר"

צום פופציקסטן יובל פון „השומר הצעיר" אין פראַנקרייך, האָט דער וועטעראַן פון דער באַוועגונג, דער שרייבער-זשורנאַליסט אַנרי בולאַווקאַ, פאַרעפנטלעכט אַ קאַפּיטל געשיכטע פון דער באַוועגונג, פון וועלכע מיר ברענגען עטלעכע אויסצוגן:

די יידישע סקויטן-אָרגאַניזאַציע איז אין פּאַריז געגרינדעט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, לויט ענלעכע אידעאָלאָגישע פּרינציפּן, ווי די קריסטלעכע סקויטן. ד'היינו: דערנענטערונג צו גאָט, נאַטור, פּאַטערלאַנד און די פאָן. זיי האָבן זיך אויך פונאַנדערגעבליט אין דעם יידישן אימיגראַנטן-קוואַרטאַל פון סען-פּאָל („דאָס פּלעצל"). דער ציוניסטישער אידעאַל איז אָבער אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין די הערצער און מחשבות פון דער יוגנט, אַזוי, אַז אין דער דערציִאונג-אַרבעט האָט מען זיך נישט געקאָנט מער באַגנוגענען נאָר מיט יענעם סאָרט ציוניזם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט מיט זאַמלען געלט פאַר די בלוי-ווייסע קרן-קיימת פּושקעס.

אין יאָר 1930 איז די צייט רייף געוואָרן פאַר דעם געבורט פון „השומר הצעיר". נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, איז די פראַנצויזישע אַנטיסעמיטיש-פאַשיסטישע „אַקסיאָן פראַנסעס" געוואָרן מער אָנגרייפעריש. צוזאַמען מיט דער „ליקאַ", געפונען זיך די יוגנטלעכע פון „השומר הצעיר" אין די ערשטע רייען פון די וואָס דערלאַנגען די אַנטיסעמיטן אַ ווירקן ענטפער. אין 1934, צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן אַרבעטערקלאַס, נעמען זיי אַקטיוו אַנטייל אין די פּאָליטישע קאַמפן קעגן

די פאַשיסטישע פּראָוואָקאַציעס און פּרוּוון פון אַ פּוטש קעגן דער רעפּובליק.

אונטערן לאָזונג „דער פאַשיזם וועט נישט אדורך!“, דעמאָנסט־רירט דער „השומר הצעיר“ אין 3טן און 4טן אַראָנדיסמאַן, ביזן באַסטיל־פּלאַץ — דער סימבאָל פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז אין לאַנד און דער זיג פונעם פאָלקס־פראָנט, שאַפט ביי אַ טייל די אילוזיע, אַז די סאָציאַ־ליסטישע רעוואָלוציע קלאַפּט שוין אין די טירן — דעריבער איז די יידן־פראַגע און ארץ־ישראל אַ צווייט־ראַנגיקער פּראָבלעם, וואָס ווירקט זיך אויס, אידעאָלאָגיש, אויף אַ נעגאַטיוון אופן: די אָרגאַניזאַציע לעבט איבער אַן אינערלעכן קריזיס. אַ ריי אַקטיווע חברים פאַרלאָזן דעם „השומר הצעיר“ און גייען אַריבער צו די קאָמוניסטן, אָדער — טראָצקיסטן. אָבער דער געזונטער קערן בלייבט טריי דער באַוועגונג און פאַרשטאַרקט די ציוניסטיש־אויפ־קלערערישע טעטיקייט. ס׳ווערן געשאַפן פאַרבינדונגען מיט די אַנ־טשטאַנענע גרופּן אויף דער פּראָווינץ.

אין יאָר 1939, האַרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, ווערן די חברים בולאַווקאַ און בערלינסקי איינגעלאַדן, ווי אָבסערוואַטאָרן, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. זיי האָבן דאָרט רעפּרעזענטירט דעם „השומר הצעיר“ אין פראַנקרייך.

אין דעם שווערן פעריאָד פון דער נאַצישער אָקופּאַציע, איז אויף דער איניציאַטיוו פון „השומר הצעיר“ געשאַפן געוואָרן אַ פאַרבינדונגס־קאָמיטעט פון אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אונטער דער אַלגעמיינער פּלאַטפאָרם פון אַרבעטנדיקן ארץ־יש־ראל. ס׳ווערן איינגעשטעלט קאָנטאַקטן מיט דער „פרייער זאָנע“ (ליאָן און מאַרסעי), ווו כמעט אַלע צענטראַלע יידישע אָרגאַני־זאַציעס און אינסטיטוציעס האָבן זיך אַריבערגעטראָגן. מ׳אָרגאַ־ניזירט הילף פאַר די וואָס זענען געוואָרן אַרעסטירט און געפונען זיך אין די דייטשע לאַגערן אין פראַנקרייך. מען הייבט אָן צו פּראָ־דוצירן פאַלשע דאָקומענטן פאַר יידן. אַזוי ווי צוליב די אַנטי־יידישע געזעצן, ווערט אַ געפאַר צו זינגען לידער אויף יידיש אָדער

העברעיש, ווערן זיי איבערגעזעצט אויף פראַנצויזיש. ענלעך ווי אינעם וואַרשעווער געטאָ, אָרגאַניזירט מען אַן „עונג שבת" און די יוגנט פון „השומר הצעיר" קומט זיך צונויף, נישט געקוקט אויף די שווערע, אומלעגאַלע באַדינגונגען.

דער „השומר הצעיר" האָט צוזאַמען מיט די יידישע קאָמו-ניסטן אָרגאַניזירט סאַבאָטאַזשן אין די יידישע אַטעליעס און וואַר-שטאַטן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט פאַר די דייטשן פעלצן און טריקאָ. צוליב פאַרזיכטיקייט, ווערט די אַרבעט דעצענטראַליזירט אין אַראַנדיסמאַן-גרופן: אין 3טן, 4טן, 10טן, 11טן, 19טן און 20טן. צענדליקער קאָמוניסטן און ציוניסטן זענען אַרעסטירט געוואָרן. צווישן זיי — אַנרי בולאַווקאַ. אָבער די חברים וואָס האָבן זיך געפונען אין דער „פרייער זאָנע", האָבן מיט איבערגעגעבנקייט און עקשנות פאַרגעזעצט די טעטיקייט. דער „השומר הצעיר" איז גע-ווען אַ לעבעדיקער נערוו פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן דעם רוצחי-שן נאַציזם.

חבר בולאַווקאַ איז דעפּאָרטירט געוואָרן אין דעם אומקום-לאַגער אוישוויץ-יאַוואָזשנע. ער האָט געאַרבעט אין די קוילן-גרובן און איז פון די געציילטע, על-פי-נס ניצול געוואָרענע פון דעם שוידערלעכן גהינום, מיט אַ סך פיזישע נאָכווייען, אָבער גייסטיק געלייטערט און געהאַרטעוועט. אינעם טאָג-טעגלעכן לעבן האַלט ער הייליק און אומדערמידלעך דעם דעוויז פון די מיליאָנען קרבנות: נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן!

ער איז געווען פון די גרינדער און שעפער פונעם פאַריין פון די יידישע דעפּאָרטירטע, וועמענס פּרעזידענט ער איז אין די לעצטע יאָרן. ער האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם „השומר הצעיר" און נאָך דער מלחמה געווען דער לעבעדיקער נערוו ביים אָרגאַניזירן די אומלעגאַלע עולים-שיף „עקזאָדוס" קיין ארץ-ישראל, ערב דעם אויפקום פון דער מדינה. ער איז דער גרינדער פון דעם צערקל „בערנאַר לאַזאַר", לעצטנס — זיין פאָרזיצער, ווי אויך רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט „קאַיע בערנאַר לאַזאַר". ער איז אַ מיטאַרבע-טער אין דער יידיש-פראַנצויזישער פּרעסע, אַן אַקטיווער טוער אין יידישן וועלט-קאָנגרעס און אין „קריף". ער געהערט צו די

צענטראַלע פּערזענלעכקייטן פון יידישן ישוב אין פראַנקרייך, וואָס טראָגט אויף זיך אַ גרויסן עול און אחריות. ער טוט דאָס מיט זעלטענער באַשיידנקייט און פּאַסיקן הומאָר אין זיינע באַציונגען מיט מענטשן, צי ביים אָנפירן מיט זיצונגען, פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, אינטערוויוען אין דער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע; ער איז לעקטאָר אין פּאַריז, אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ, ווי אויך אין בעלגיע; ער פאַרטרעט די אָרגאַניזאַציעס, ווו ר׳איז טעטיק, אויף אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן. שטאַרק אַקטיוו אינעם יידישן וועלט-קאָנגרעס, אויף אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענטרעפן פון דעפּאָרטירטע, אויף די וועלט-צוזאַמענפאָרן פון מפ״ם. אומעטום לאָזט ער הערן זיין וואָגיק וואָרט. אויסער דעם אַלעמען, האָט ער באַוויזן אָנצושרייבן און אַרויסגעבן זיבן ביכער אויף פּאָליטישע טעמעס, איבערגעזעצט פון יידיש אויף פראַנצויזיש פיר ביכער. בולאַווקאַ האָט אויך איבערגעזעצט אויף פראַנצויזיש די דראַמע „שוואַרצבאַרד״ פון אַלטער קאַציזנע, וואָס איז, אַ דאַנק זיין איבערזעצונג, אויסגעפירט געוואָרן פאַר דער פראַנצויזישער ראַדיאָ. ער האָט דער ערשטער איבערגעזעצט אויף פראַנצויזיש דאָס פּאַרטיזאַנער-ליד פון הירש גליק „זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״. אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג פאַר זיין אַרבעט צווישן די דעפּאָרטירטע, איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן פון דער פראַנצויזישער רעגירונג.

דער זשורנאַליסט איידעלמאַן שרייבט וועגן בולאַווקאַן: „ער איז אַ זעלטענע פיגור אינעם היגן געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישן לעבן. אַ באַשיידענער, איבערגעגעבענער און ערלעכער עסקן; אַ שטילער, רואיקער, אָבער גלייכצייטיק אַ שטאָלצער, מוטיקער ייד, אַ טרייער ציוניסט און קעמפער פאַר מענטשן-רעכט״

פּראָפעסאָר יאַנקעלעוויטש שרייבט אין דער הקדמה צום לעצטן בוך פון אַנרי בולאַווקאַ „שפּיל פון האָפענונג און טויט״: „אָט דער מחבר איז אויפן ריכטיקן פּלאַץ, כדי צו ווייזן, אַז דער קאַמף פאַר מענטשן-רעכט און דער שווערער, בלוטיקער גוראַנגל קעגן נאַצי-דייטשלאַנד, איז נישט געווען קיין מתנה אַראָפּגעפאַלן פון הימל, נאָר אַ קאַמף פאַרן פּרייז פון שווערע ליידן, וואָס איז אָן

אַ נאָמען. זיין איידלקייט און הומאָר, דער זין פון אינהאַלט אין דער פריינדשאַפט, זענען ביי אים אַרויס אומבאַשעדיקט פונעם בלוטיקן קרייז פון גהינום און שנאה!״

נאָך אַ ציוניסטישער יוגנט-עסקן, אַנטיילנעמער אין דער ווי-דערשטאַנד-באַוועגונג, אַ געוועזענער דעפּאָרטירטער, דער בויער און טוער ביי די געוועזענע קאַצעטלערס, אַקטיווער עסקן אין דער פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן — ירחמיאל שולקלאַ-פער — איז געוואָרן אויסגעצייכנט דורך דער פראַנצויזישער רע-גירונג און באַקומען די אַנערקענונג פונעם „קריף״ (אַלגעמיינע יידישע פאָרשטייערשאַפט פון פראַנקרייך).

## „משמר״

דער „משמר״ נעמט אַרום יוגנטלעכע ביז 30 יאָר, לרוב סטו-דענטן, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן נישט לאַנג פאַרענדיקט זייער שטודירן. דאָס איז די דינאַמישסטע ציוניסטישע יוגנט איז פּאַריז. מען טרעפט זיי אָפט אויף יידישע פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס. זיי באַלאַנגען צו די אָנפירנדיקע טוערס אין קאָמיטעט פאַר הילף די סאָוועטישע יידן, דער שטשאַראַנסקי-פּראָצעס; אין דער אַקציע פאַר באַפרייען קוזניעצאָוון, דער באַשולדיקטער אין לע-נינגראַדער פּראָצעס אין 1969, ווען ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

בוקאַראַ, אַ חבר פון „משמר״, האָט צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער פאָרשטייערין אין פּאַריזער שטאָטראַט, טע-רעז עטנער, אויפגערודערט די פראַנצויזישע עפנטלעכע מיינונג, דורך אָרגאַניזירן פּרעסע-קאָנפערענצן, מיטינגען, סימפּאָזיומס, און גאַנץ באַזונדערס — די אונטערנעמונג אין רש״י-צענטער, וועלכע ס׳האָבן בייגעוווינט עטלעכע טויזנט מענטשן, צווישן זיי — אָנגע-זעענע אינטעלעקטואַלן, שרייבער, זשורנאַליסטן, וויסנשאַפטלער, קינ-סטלער. זיי גיבן אַרויס אַ ביולעטין און פאַרקויפן אים ביי די אַריינגענג אין די פּאַריזער אוניווערסיטעטן. זיי באַטייליקן זיך אין פאַרשיידענע אַקציעס, אָרגאַניזירן דיסקוסיעס און סימפּאָזיומס.

אין גרויסן פאַרנעם איז געווען די אַקציע, אויף דער איני-ציאַטיוו פון „משמר", צו באַפרייען די יידישע סטודענטן אין ראַטן-פאַרבאַנד: לעאָניד ברייליאָווסקי, באָריס קאַלענדאַראָוו און מישאַ טאַראַטאַטאַ. אין אַ פּאַריזער אוניווערסיטעט איז פאָרגעקומען אַ דעבאַטע וועגן דער לאַגע און פּערספּעקטיוו פון דער יידישער יוגנט אין ראַטנפאַרבאַנד, מיטן אָנטייל פון העבער טויזנט סטו-דענטן, יידן און נישט-יידן. מיט רעפּעראַטן זענען דאָרט אַרויס-געטרעטן: דער באַשולדיקטער אין סלאַנסקי-פּראָצעס אין פּראַג, אַרטור לאָנדאָן; אין נאָמען פון פראַנצויזישן קאָמיטעט פון פיזיקער און וויסנשאַפטלער, פּראָפ׳ י. פּ. מאַטהיע; דער שרייבער-היסטאָ-ריקער לעאָן פּאָליאַקאָוו; דער דעפּוטאַט פון 13טן אַראָנדיסמאַן אין פּאַריז, האָט אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי גע-ברענגט זיין אונטערשטיצונג. די וויסנשאַפטלערין עוולין נאַקאַש, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין אַ קאָנפערענץ אין מאָסקווע, האָט איבערגעגעבן, אַז די פראַנצויזישע דעלעגאַציע האָט אין מאָסקווע געפאָדערט די באַפרייאונג פון דעם יידישן געלערנטן בנימין לע-וויטש. וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין ראַטן-פאַרבאַנד האָט




חברים פון „משמר" אין דער אַלגעמיינער פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציע קעגן אונטערצינדן דורך די נעאָ-נאַציס די סינאַגאָגע אין דראַנסי, פון וואַנען די היטלעריסטן האָבן צונויפגעזאַמלט די יידן פון פראַנקרייך און זיי טראַנספּאָרטירט אין די טויט-לאַגערן.



חברים פון „משמר" אויף דער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן פאַשיס־טישן טעראָר־אַטענטאַט אויפן רעסטאָראַן פאַר יידישע סטודענטן אין פּאַריז.

גערעדט דער קיבוץ-חבר, שרייבער און סאָציאָלאָג אַריה יערי. אַלס עדות איז אַרויסגעטרעטן דער שרייבער פון די שורות.

די חברים פון „משמר" וואָס האָבן באַזוכט דעם ראַטן-פאַר-באַנד, האָבן זיך געטיילט מיט זייערע איינדרוקן פון די טרעפונגען אין יענעם לאַנד. צענדליקער סטודענטן האָבן אַנטייל גענומען אין דער דיסקוסיע, צווישן זיי — אַן אַראַבישער סטודענט פון אַלזשיריע.

„איך האָב אַנטדעקט אַ נייעם ציוניזם״ — האָט ער דערקלערט. — „ס'איז נישט דאָס בילד וואָס מען שטעלט אונדז פאָר, אַז יעדער ציוניסט איז אַ רעאַקציאָנער און אימפּעריאַליסט״.

בעת דער אַקציע, האָט מען פונאַנדערגעקלעפּט הונדערטער גרויסע פּלאַקאַטן מיט די בילדער פון די אַרעסטירטע יידישע סטו-דענטן, וואָס האָבן געדופן אַנטייל צו נעמען אין דער פּאָליטישער דעבאַטע. זיי האָבן אויך דעמאָנסטרירט אויף אַן אויסשטעלונג אין פּאָמפּידו-צענטער, אין דער אַנוועזנהייט פון סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר.

## קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און נעאָ-נאַציזם

ס'איז אַ טרויעריקער פאַקט, אַז העכער דריי צענדליק יאָר נאָכן בלוטיקן חורבן וואָס דער היטלעריזם האָט געברענגט, אַנט-שטייט אינעם דעמאָקראַטישן פראַנקרייך אַ קליינע גרופּע אינטע-לעקטואַלן (די נייע רעכטע), וואָס פרייידיקן דרייסט און אָפן די אַלט-נייע ראַסיסטישע אידעע, אין אַ צייט, ווען פאַשיסטישע שרייבער ווי סעלין, רעבאַטע, דריע לא-ראַשעל ווערן רעהאַביליטירט. דער וואָכן-זשורנאַל „עסקפּרעס״ פאַרעפנטלעכט אַן אינטערוויו מיט דאַרקיע דע פּעלפּוא, געוועזענער קאָמיסאַר ביי דער ווישי-רעגירונג פאַרן יידן-פּראָבלעם. ער פרוווט באַרעכטיקן די דעפּאָרטאַציע פון יידן קיין אוישוויץ. מען באַווייזט פילמען, וואָס פעלשן די טרוי-עריקע פאַרגאַנגענהייט, באַגלייט מיט אַנטי-יידישע אויפשריפטן און היטלער-עמבלעמען אויף די ווענט און עפנטלעכע געביידעס; מצ-בות-שעדיקונגען; שריפה'ס אין אַ ריי שולן. באַזונדער ווייטיקלעך איז געווען דאָס פאַרברענען די שול אין דראַנסי, וווּ ס'איז געווען דער קאָנצענטראַציע-לאַגער פאַרן דעפּאָרטירן די יידן אין די טויט-לאַגערן, אויסער אַטענטאַטן אויף יידישע פערזענלעכקייטן און אינס-טיטוציעס.

דער צערקל בערנאַר לאַזאַר און דער „משמר״ זענען בסדר מאָביליזירט צו אַלאַרמירן די יידישע און נישט-יידישע עפנטלעכקייט וועגן יעדן פאַל. זיי פאָלגן נאָך די אַנטיסעמיטישע ביכער און פלאַטן. נאָכן אַטענטאַט אויפן לאָקאַל פון דער פעדעראַציע פון יידישע

געזעלשאַפטן, האָט דער „משמר" גערופן אַ קאָנפערענץ, מיטן אָנטייל פון 30 פאָרשטייער פון יידישע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף און אָרגאַניזירט אַ גאַסן-דעמאָנסטראַציע. דאָס זעלבע אויך — נאָכן אַטענטאַט קעגן מרא"פ, די אַנטיסעמיטישע אויפשריפטן אין הויף פון 14 רי דע פאַראַדי; דער מערדערלעכער אַטענטאַט אויפן רעסטאָראַן פון יידישע סטודענטן. נאָכן מאָרד איבער פיער גאָלדמאַן, האָבן אין דער פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציע אָנטייל גענומען טויזנטער לינק-געשטימטע פראַנצויזישע יוגנטלעכע, וואָס זינדיקן נישט ווינציק מיט זייער אַנטי-ציוניזם. דער „משמר" האָט מאַרשירט אונטערן טראַנספּאַראַנט „ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע יוגנט".ביים פּראָצעס אין קעלן קעגן די הויפּט-שולדיקע אין דער דעפּאָרטאַציע פון 80.000 פראַנצויזישע יידן, איז די „משמר"-יוגנט עטלעכע מאָל געפאָרן אַהין דעמאָנסטרירן, צוזאַמען מיט די קינדער פון דעפּאָרטירטע עלטערן, אָרגאַניזירט דורך סערזש קלאַרספעלד. אויב אויף דעם פּראָצעס זענען די באַשולדיקטע פאַרמשפּט געוואָרן, איז עס אַ דאַנק די דאָקומענטן, וואָס סערזש און בעאַטאַ קלאַרספעלד האָבן צוגעשטעלט. פאַרן אַרויסטראָגן דעם אורטייל, זענען אַ טויזנט פראַנצויזישע יידן געקומען קיין קעלן דעמאָנסטרירן. בראָש איז געגאַנגען באַראָן אַלען דע ראָטשילד, פּרעזידענט פון „קריף", ראַט פון יידישע אינסטיטוציעס און פון דער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע.

די גלייכגילטיקייט און איגנאָרירונג פון די אָפיציעלע היטערס פון דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטיע זענען שולדיק אין דער קייט אַטענטאַטן און העצעס פון די נעאָ-נאַצישע און פאַשיסטישע גרופּן; מיט עטלעכע יאָר צוריק איז עס געווען דער פאַנטאַסטיש-ליגנערישער בלבול קעגן די יידישע סוחרים אין דער שטאָט אָרלעאַן, ביז מען איז דערגאַנגען צו די לעצטע אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן. נישט געווען קיין איין פאַל, אַז די שולדיקע זאָלן אַרעסטירט ווערן, וואָס האָט צוגעגעבן מוט און חוצפה די נאַצישע עלעמענטן. זייער צייטשריפט „נאַטר אייראָפּ" האָבן זיי באַצירט מיטן היטלער-עמבלעם. זיי גלאָריפיצירן די מלחמה-פאַרברעכער, פּראָפּאַגירן אָפן די נאַצישע טעאָריע פון ראַסן-האַס. וועגן דעם אומקום פון מיליאָנען




מיטינג פאַר שלום אויפן נאָענטן מזרח. אין פרעזידיום זיצן: פראָפ׳ **יאַנקעלעוויטש**, דער דיכטער **אברהם שלאָנסקי** ז״ל, **דאַניל מייער**, דער גלח **ריקע**, **טהרי**, **הדת**, **קלאָד לאַנצמאַן** (רעדט).

יידן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן און גאַז-קאַמערן, שרייבן זיי, אַז דאָס האָבן די ציוניסטן אויסגעטראַכט, כדי צו באַקומען אַנטשע-דיקונג; אַז דער ציוניזם איז אַ פאַרברעכערישע סעקטע און פאַר-פוילט ווי דער אימפּעריאַליזם...

נאָכן העפטיקן אַלאַרם פון דער גאַנצער יידישער עפנטלעכקייט, אונטערגעהאַלטן פון אַלע ערלעכע דעמאָקראַטישע כוחות אין לאַנד, איז די נעאָ-נאַצישע אָרגאַניזאַציע „פאַנע" געוואָרן אויפגעלייזט, און זייער פירער, מאַרק פרעדריקסאָן, איז געשטעלט געוואָרן פאַרן פראַנצויזישן געריכט, געוואָרן פאַרמשפט און אַפּעלירט.

אין דער נאַכט פון 24סטן סעפטעמבער 1980, זענען פאָרגע-קומען אַטענטאַטן אויף יידישע אינסטיטוציעס, ווי: די צענטראַלע גרויסע שיל אויף רי דע לאַ וויקטואַר, קינדער-גאָרטן און אַ יידישע שול; אַטענטאַט אויפן פרעזידענט פון דער ליגע פאַר מענטשן-רעכט; קעגן מעמאָריאַל פון יידישן מאַרטירער, דער סימבאָלישער מאָנומענט פון די 80 טויזנט דעפּאָרטירטע און אומגעקומענע יידן אין פראַנקרייך, ווי פאַר די מיליאָנען יידן אין גאַנץ אייראָפּע, איז פּראָפאַנירט געוואָרן. זייער ציל איז געווען — אָנצוּוואַרפן אַ מורא אויפן יידישן ישוב.

די פאַרברעכערישע מעשים האָבן אַרויסגערופן אַ העפטיקן שטורעם פון פּראָטעסטן, נישט בלויז ביי דער יידישער באַפעלקע-רונג, נאָר אין אַלע קרייזן פון דער פראַנצויזישער עפנטלעכקייט, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער אייגהייטלעכער, אימ-פּאָזאַנטער דעמאָנסטראַציע דעם 30סטן סעפטעמבער, פאַרן מעמאָ-ריאַל פון יידישן מאַרטירער, מיטן אָנטייל פון עטלעכע צענדליק טויזנט מענטשן, יידן און נישט-יידן. באַזונדערס גרויס איז געווען די צאָל יידישע יוגנט, ווי אויך פאָרשטייער פון כמעט אַלע פראַנ-צויזישע פּאָליטישע פּאַרטייען און סינדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, דע-פּוטאַטן, ראַטמענער, אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, ווי אויך גייסטלעכע.

אונטערן פאָרזיץ פון הענרי בולאַווקאַ, איז אַרויסגעטרעטן דער פאָרזיצער פון „קריף", אַלען ראָטשילד, פרוי מאַרי-מאַדלען פורקאַד פון „ליקאַ", לעווי פון מראַ"פּ און קלאָד קעלמאַן, פרעזידענט פון מעמאָריאַל.

דעם זעלבן אָוונט איז אין זאַל „מיטיאַליטע״ פאָרגעקומען אַ ריזן-מיטינג פון עטלעכע טויזנט יידישע סטודענטן און פון דער ציוניסטישע-סאָציאַליסטישער יוגנט. ס׳איז גערופן געוואָרן צו עליה און צו שטאַרקן מדינת ישראל. גלייכצייטיק איז אויך פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע פון דער סטודענטן-יוגנט („משמר״) אויפן פלאַס דע ל׳אָפּערא.

אַ באַזונדערן מאַסן-אויפברויז אין גאַנצן לאַנד האָט אַרויס-גערופן דער פאַרברעכערישער אַטענטאַט, דורך אונטערלייגן אַ באָמ-בע פון אַ געוואַלטיקן אויפרייס-כוח, פאַר דער שיל פון רי קאָפּער-ניק. עס זענען געווען פיר טויטע און עטלעכע צענדליק פאַרוווּנדעטע.

דאָס פאַריזער פאָלק האָט געענטפערט מיט אַן איינהייטלעכער דעמאָנסטראַציע, פון נאַסיאָן ביז רעפּובליק. עס האָבן זיך באַטיי-ליקט איבער 200 טויזנט מענטשן. מיט זייער אָרגאַניזירטער דינאַ-מישקייט האָט זיך אויסגעצייכנט „רענוּוואַ״, די יידישע באַנייאונג. העכער 18 טויזנט מענטשן האָבן געטראָגן זייערע אָפּצייכענונגען, מיט פענדלעך. ס׳האָט געפלאַטערט די בלוי-ווייסע פאָן און הונדער-טער פלאַקאַטן, מיט ציוניסטישע און ישראל-לאָזונגען. די ריזיקע מענטשן-מאַסע האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ צעשטורעמטן ים.

ריכטיק איז געווען די אָפּשאַצונג פון הויפּט-רב פון פראַנק-רייך, הרב קאַפּלאַן, אויף דער אַזכרה פון די פיר קרבנות, ביי דער אַנוועזנהייט פון אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער רעגירונג : „די אַנטי-ישראל-פּאָליטיק אויפן מיטעלן מזרח שאַפט אַן אַנטי-יידישע אַטמאָספער אין לאַנד, וואָס דערמוטיקט די אַנטי-סעמיטישע, פאַרברעכערישע עלעמענטן״. די דערקלערונג פון הרב קאַפּלאַן, האָט אַרויסגערופן אַ ריי נעגאַטיווע אָפּקלאַנגען אין אייני-קע פראַנצויזישע צייטונגען.

וואָס קאָן מען לערנען פון די טראַגישע געשעענישן?

1) אַז די אָנפירונג פון „קריף״ איז געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך, מוטיק פאַרטיידיקט דעם יידישן ישוב. טראָץ דעם, איז אָבער די אינערלעכע, אָרגאַניזאַציאָנעלע גלייכגעוויכט צע-טרייסלט געוואָרן. עס זענען אַנטשטאַנען נייע, יונגע, דינאַמישע כוחות. מען דאַרף זוכן אופנים און וועגן זיי זאָלן אַרומגענומען

ווערן אָרגאַניזאַציאָנעל. אַנדערש וועט אַנטשטיין אַ געפאַר פון אַנאַרכישע, אומפאַראַנטוואָרטלעכע מעשים, וואָס קענען דינען די אינטערעסן פון די שונאים פון יידישן ישוב.

2) אַז די ציוניסטישע פעדעראַציע, וואָס רעפּרעזענטירט די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, קעגן וועלכער ס'איז געווענדעט דער גאַנ־צער האַס פון די נעאָ־נאַציס און אַנטי־ישראלים — איז, לײדער, נישט געשטאַנען אויף דער הויך, זי זאָל זיך אַרויסזען ווי דער אָנפירנ־דיקער כוח אין ישוב.

3) לויט די אָפּשאַצונגען פון די יידישע אינטעלעקטואַלן, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער פרעסע, מוז געשטאַרקט ווערן די וואַכזאַמקייט פון יידישן ישוב, מ'דאַרף שטיין אין אַ כסדר־דיקער פאַרבינדונג מיט אַלע דעמאָקראַטישע כוחות אין לאַנד; שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין, ווייל בלויז אַ נאַציאָנאַל־באַוווּסטזיניקער ישוב וועט זיין מסוגל זיך אַנטקעגנצושטעלן אַלע לויערנדיקע געפאַרן, אין צוזאַמענהאַנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס, אַרבעטלאָזיקייט און אומצופרידנקייט פון די ברייטע מאַסן. דאָס אַלץ זאָל נישט געלענקט ווערן קעגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, ווו יידן, מיט זייער גאַנצער „פראַנצויזישקייט", זענען שטענדיק דאָס ערשטע כפרה־הינדל.

## אשכנזים און ספרדים

דעם אויבנאָן אין דער אויפקלער־אַרבעט ביים „משמר" פאַר־נעמט דאָס האַרבע פּראָבלעם פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער לאַגע פון גרויסע טיילן פון דער ישראל־באַפעלקערונג, די אָפּשטאַ־מיקע פון די אַפראָ־אַזיאַטישע לענדער. צווישן זיי איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל א. ג. סאָציאַלע פאַלן, וואָס נידערט אַראָפּ דעם מאָראַ־לישן אָנזען פון דער ישראל־געזעלשאַפט. דאָס איז נישט בלויז אַ רעזולטאַט פון באַגאַנגענע פעלערן במשך די לעצטע יאָרן. דער מקור איז אַ סך טיפער.

ס'איז וויכטיק צו דערמאָנען אַזאַ פאַקט:

אויף אַ דעלעגאַטן־צוזאַמענפאַר פון מפא"י און אומפאַר־

טייאישע אין מאי 1949, אין צווייטן יאָר זייט דער אַנשטייטונג פון דער מדינה, זאָגט לוי אשכול: „מיר דאַרפן זיך געבן אַ נדר, ס׳זאָל אַ סוף נעמען צו די אָרעמקייט-וווינונגען, ס׳זאָלן ליקווידירט ווערן די נויט-קוואַרטאַלן, ס׳זאָל נעמען אַ סוף צו שכונת-התקוה, זאָל אויך אַהין קומען די גאולה. זאָל געברענגט ווערן די סאָציאַלע און גייסטיקע דערלייזונג, ווי דאָס איינגלידערן זיך פון די נויט-שכונות אין לעבן פונעם אַרבעט-פאָלק און אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. מיר האָבן געזינדיקט קעגן זיי אַ לאַנגע צייט. מעגלעך, אַז ס׳איז נישט אונדזער שולד, ווייל מיר האָבן געוואָלט טאָן גרויסע זאַכן, אָן שטאַטלעכע כוחות. איצט דאַרפן מיר אַלץ טאָן, כדי צו ליקווידירן די נויט-שכונות״.

נאָך דריי צענדליק יאָר, ווי די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן, קען מען, צום באַדויערן נישט פעסטשטעלן, אַז דער ווונטש איז מקויים געוואָרן — טראָץ באַדייטנדיקע דערגרייכונגען. די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט ביי די אָריענטאַ־לישע יידן נישט באַוויזן צו שלאָגן טיפע וואָרצלען. דער „משמר״ האָט באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם פון סאָציאַלן און קלאַסן-שטאַנד-פּונקט, און נישט לויט דער פאַלשער אויסטייטשונג — אשכנזים און ספרדים.

געוועזן אַ פאַל, ווען עטלעכע יידן פון פּאַריז, דווקא גבירים, אָפּשטאַמיקע פון מאראָקאָ, האָבן זיך אליין געקרוינט ווי פאָרשטייער פון דער עדה און געוואָלט אַרויספּאָרן אויף דעם פערדל, אין אַ ברייטן פאַרנעם. זיי האָבן זיך געוואָנדן צום צערקל בערנאַר לאַזאַר, און גאָר באַזונדערס — צום „משמר״, וואָס זייערע מיטגלידער זענען אין דער גרעסטער מערהייט קינדער פון עלטערן פון צפון-אַפריקע, כדי צו באַקומען אַן אָנשפּאַר און צוטריט צו די קהילה-אינסטיטוציעס. פּאָליטיש האָבן זיי זיך דערקלאַרירט ווי נאָענטע צו דער באַוועגונג „שלום עכשיו״ אין ישראל. זיי האָבן מיט גרויס פּאָמפּע גערופן אַ פּרעסע-קאָנפערענץ אין „הילטאָן״-האָטעל, ווו זיי האָבן אַרויסגעשטעלט פאַרשידענע טענות און באַשולדיקונגען:

1) אַז די אָפּשטאַמיקע פון מאַראָקאָ ווערן אין ישראל דיס-קרימינירט.

2) אַז זייער קולטור-ספּעציפישקייט ווערט איגנאָרירט.

3) אַז די עליה פון די מאַראָקנער יידן, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ רעטונג-באַוועגונג, אויס מורא פאַרן טעראָר פון דער מוסולמענישער באַפעלקערונג נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, איז אויך געווען באַהויכט מיט אַ משיחישער וויזיע. זיי האָבן אויך באַשולדיקט, אַז מ'האָט ספּעציעל געצילט צו ברענגען די אָרעמע יידן פון מאַראָקאָ, כדי צו שאַפן אַ פּראָלעטאַריאַט אין יש-ראל. (אין דער ווירקלעכקייט האָבן די רייכע יידן, פון די פרייע פּראָפעסיעס, אנשטאָט עולה צו זיין, עמיגרירט קיין פראַנקרייך, קאַנאַדע, שפּאַניע).

דער „משמר" האָט אונטערגענומען א פארצווייגטע אקציע פון אויפקלערונגען אין אייגענעם לאקאל און אין רש"י-צענטער, איינ-געארדענט סימפּאָזיומס מיט פרייע דיסקוסיעס, אין וועלכע ס'האָבן אויך אנטיילגענומען שליחים וואָס זענען אין יענע יאָרן געווען טעטיק אין טוניס און מאַראָקאָ. צווישן זיי — דב פודער, מיכאל אווידאן (אַן אָפּשטאמיקער פון מאַראָקאָ), האָט אָנגעפירט מיט דער האַלב-לעגאלער, שפּעטער — אומלעגאלער עליה פון לאַנד.

## דער פּראָיעקט פון ג. ד. ס.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, איז ביים „משמר" געשאפן געוואָרן אַ שטודיר-קאָמיסע, ווו ס'נעמען אָנטייל פּסיכאָלאָגן, מעדיצינער און דערציער, וואָס האָבן דערלערנט די סאָציאַלע פאלן אין דער ישראל-געזעלשאפט. ס'איז אויסגעארבעט געוואָרן אַ פּראָיעקט, וועלכן דער וועלט-פארבאנד פון די ספרדישע יידן האָט אים רע-קאָמענדירט. אויך דער ישראל-מיניסטער פאַר סאָציאַלע פּראָבלע-מען און דער בירגערמייסטער פון ירושלים, טעדי קאָלעק, שטיצן אים. צוויי מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, דאָמיניק ריווידי און דעני סעלעם, זענען עולה געווען און ארבעטן מיט אין דער שטאָט-פאַרוואלטונג פון ירושלים, אונטער דער לייטונג פון יוסף מיוחס, וואָס פארנעמט זיך מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען אין ירושלים.

אין 1980, צום אָנהייב פון לערן-יאָר, זענען עולה נאָך דריי

חברים פון דעם פּראָיעקט: אריה כהן, א פּסיכאָטעראַפּ; ד"ר סאָלאָל מיריעל און ליאָראַ עדעלשטיין, לערערין-פּרעבליסטין. 2 חברים פון „משמר" דארפן אין די נאָענטסטע 3-2 יאָר עולה זיין, איינאָר-דענען זיך אין די אַנטוויקלונג-שטעטלער ווו מ'נייטיקט זיך אין דאָקטוירים, דענטיסטן, לערער. איין חבר פון דער עליה-גרופּע, אלי ברבו, פּראָפעסאר פון „דאנטור"-פאקולטעט אין פּאריז, האָט זיך איינגעאָרדנט אין עפולה, כדי צו העלפן די אנדערע חברים פון „משמר" און גלייכצייטיק שטיין אין ענגער פארבינדונג מיטן מע-דיצינישן פּסיכאָ-צענטער אין אַן אָרעמקייט-קווארטאל אין ירוש-לים, כדי צוהיטן, אז דער משמר-פּראָיעקט זאָל גוט פונקציאָנירן.

דער „משמר" אין פּאַריז איז אין קאָנטאַקט מיטן פּאַרבאַנד פון די מאַראָקאַנער יידן און ישראל, שיקט אַהין קליידער, שטיצט פּאָליטיש און מאָראַליש די באוועגונג „שלום עכשיו".

אויפן גרויסן מאסן-יום-טוב אין פּאַריז „שלום ישראל", האָבן זיי געזאמלט 3,500 אונטערשריפטן, און צוזאַמען מיטן צערקל בערנאר לאזאר געווען דער חוט-השדרה ביים אָרגאניזירן די דער-פּאָלגרייכע פּרעסע-קאָנפערענץ אין דער סאָרבאָן פון די פּאָרש-טייער פון „שלום עכשיו", אין יאָר 1980. די קאָנפערענץ האָט גע-האט א גרויסן אָפּקלאנג אין דער פראנצויזישער און ישראלדיקער פּרעסע. ס'איז אפילו געווען אן אינטערפּעלאציע אין כנסת פֿון חייקה גראָסמאַן, צוליב דער נישט-פּאסיקער ארויסטרעטונג פון ישראל-אמבאסאדאָר אין פראנקרייך, אז די רעזערוו-אָפיצירן פון דער באוועגונג „שלום עכשיו", פארשוועכן דעם אָנדענק פון די געפאלענע. (אמבאסאדאָר ראָזען האָט עס שפּעטער אויסגעבעסערט).

אַ נייע טעטיקייט, וואָס דארף ווארעם באגריסט ווערן, איז דאָס פארנעמען זיך מיט קינדער, וואָס זענען צוריקגעשטאנען אין זייער שול-ארבעט צוליב סאָציאלע פאלן אין די משפחות. אַזוי האָבן 20 חברים מיטגעהאָלפן אינדיווידועל שילערס, זיי זאָלן אָפּגעבן די עקזאמענס.

„משמר"-גרופּן עקזיסטירן אין ליאָן, גרענאָבל, מארסעי, שט-ראסבורג, נאנסי, מעץ, ווי אויך אין שווייץ, שוועדן, איטאליע און אין דריי שטעט אין ענגלאנד, אונטערן נאָמען: „יונג-מפּ'ם"; אין

דענעמארק — אויפן נאָמען פון ענגלישן זשורנאַל „ניו אוטלאָק״ ; אין עסטרייך — „השומר״ ; אין בעלגיע — פּראָגרעסיוו-ציוניסטישע סטודענטן.

יעדעס יאָר, פּסח צייט, קומט פאָר אן אייראָפּעישע קאָנפערענץ.

דער „משמר״ פירט דורך צוזאמענטרעפן צוויי מאָל אין וואָך, פייערט די יידישע יום־טובים (חנוכה, פורים, פסח), אָרגאַניזירט יעדעס יאָר אַ סעמינאַר־עקסקורסיע קיין ישראל (אַ העלפט פון דער צייט פון זייער באזוך, ארבעט מען אין די קיבוצים).

„רענוווא זשוויף״ („יידישע באנייאונג״), א גרופּע יונגע, די־נאַמישע טוער, וואָס זענען, צוו. אַנד. געווען טעטיק אין דער אנטי-ראַסיסטישער אָרגאַניזאַציע „ליקאַ״, האָט געשאַפן א יידישן אקציאָנס-קאָמיטעט, אונטער דער אָנפירונג פון יונגן אַדוואָקאט אנרי היידענבערג און זיין ברודער סערזש. זיי האָבן גענומען די איניציאַטיוו איינצואָרדענען א יידישן מאסן-יום-טוב, לויטן מוסטער פון גרויסן יום טוב פון דער קאָמוניסטישער טאָג-צייטונג „הימאַ-ניטע״. דאָס איז געווען אַ געשעעניש נישט נאָר אין פּאריזער יידישן ישוב, נאָר געהאט אן אָפּקלאנג אין גאַנצן לאנד, אויך אין בעלגיע, ווו ס׳איז אין 1978 איינגעאָרדנט געוואָרן עפּעס ענלעכס. דאָס איז געווען אַ צונויפקום פון מאסן יידן, מיט אַ פילפארביקן קולטור-פּראָגראַם, מיט א סך פרייד און יום טובדיקייט. יעדער אנ-טיילנעמער האָט זיך געפילט דערהויבן. די אונטערנעמונג האָט אויך געהאט א גרויסע פּאָליטישע באדייטונג, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער פראנצויזישער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלע-וויזיע, נאָך די ערשטע, געלונגענע מאסן-צוזאמענקונפטן אין 1976 און 1977, אונטערן לאָזונג „צוועלף שעה פאר ישראל״. אויפן ערשטן צוזאמענקום זענען בייגעווען 40 טויזנט יידן, אויפן צווייטן — 60 טויזנט יידן. דער אָרגאַניזאַטאָר איז גלייך אריינגענומען געוואָרן אין די צענטראַלע יידישע קערפּערשאפטן „פאָנד סאָסיאַל״ און „קריף״.

הגם די גרויסע מאסן-אונטערנעמונג איז נישט פּאַטראָנירט געוואָרן פון דער צענטראַלער יידישער פירונג פון „מגבית״, האָט דאָך אנטייל גענומען אַ גרויסע צאָל יידישע אָרגאַניזאַציעס. דער

„משמר" האָט דאָרט געהאט א גרויסן סטאנד, מיטן אנטייל פון זינגער-ווערעט פאגאני, וואָס האָט אָנגעשריבן זיין בארימטע, מו-זיקאלישע פּאָעמע.

אין יאָר 1978 האָט דער „מגבית" און אלע יידישע אינסטי-טוציעס אָרגאניזירט דעם יום טוב אונטערן לאָזונג „שלום ישראל". מען האָט אָפּגעשאצט דעם אנטייל פון העכער הונדערט טויזנט מענטשן. טראָץ דעם גרויסן דערפאָלג, איז געווען אַ היפשער פינאנ-סיעלער דעפיציט. צוליב די שוועריקייטן אויסצוהאַלטן די סאָציאַלע און קולטור-אינסטיטוציעס, האָט זיך דער „מגבית" צוריק געצויגן. ס'איז אנטשטאנען א סיכסוך צווישן די אָנפירנדיקע אינסטאנצן מיטן קאמיטעט „פאר באנייאונג".

אין 1979 איז שוין, ליידער, נישט פאָרגעקומען קיין יום-טוב. קיין פאריז איז געקומען דער פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער וועלט-אָרגאניזאציע, א. פרימאָר, מיט דער אויפגאבע איבערצו-בויען די ציוניסטישע באוועגונג אין פראנקרייך. ער האָט גענומען אונטערן שוץ דעם קאָמיטעט „פאר יידישער באנייאונג", און זי האָט גענומען פיגורירן אַלס „דור המשך". ס'איז גלייך אנטשטא-נען אן אָרגאניזאציאָנעלער און אידעאָלאָגישער קאָנפליקט מיט אלע ציוניסטישע יוגנט-אָרגאניזאציעס, ווייל „דור המשך" איז געבויט אויף אַ פעדעראַטיוון אופן, צו איין פאָרשטייער פון יעדער יוגנט-אָרגאַניזאַציע און איר צענטראלע אויפגאבע איז — ציוניסטישע פארווירקלעכונג ד. ה. — עליה. זיי אָבער האָבן געפּאָדערט דריי פאָרשטייער, אידעאָלאָגיש זיך באגנוגנט מיט אומבאגרענצטער טריי-שאַפט און שטיצע דער ישראל-רעגירונג. זיי האָבן אריינגע-ברענגט דעם אנטי-פארטיי פּסיכאָז, אויף וואָס די ציוניסטישע באווע-גונג, און גאָר באזונדערס די יוגנט, איז געבויט.

אויף דער ערשטער אייראָפּעישער קאָנפערענץ פון „המשך", אין נאָוועמבער 1979, מיטן אנטייל פון פאָרשטייער פון „העבודה", „מזרחי", ליבעראלן און שליח פון ירושלים אליעזר שפר, האָט דער „משמר" געהאט א דריטל דעלעגאטן. דער קאמיטעט פון „רע-נווא-באנייאונג" האָט די קאָנפערענץ באַיקאָטירט.

אין אפריל 1980, האָט דער קאָמיטעט, אונטערן פּאטראָנאזש פון דער ציוניסטישער פעדעראציע, באנייט דעם יום טוב „12 שעה פאר ישראל", אָן דער אָפיציעלער הסכמה פון די אָנפירנדיקע יידישע אינסטאנצן. טראָץ דעם, האָבן זיי באקומען פינאנסיעלע שטיצע פאַר פּראָפּאַגאַנדע. לויטן פאַרנעם און צאָל באַטייליקטע, איז דער יום-טוב אויסגעפאלן אימפּאָזאנט. אלע יידישע אָרגאַניזאציעס, אויסער די קאָמוניסטישע, האָבן אָנטייל גענומען. אייניקע פארלאגן האָבן דאָרט געהאט זייערע ביכער-סטאנדן. העכער 100 פּען-מענטשן און מאָלערס האָבן אונטערגעשריבן זייערע שאַפונגען. פאָרשטייער פון אלע פראנצויזישע פּאָליטישע פּארטייען, האָבן זיך באטייליקט אין די דעבאטן, ארום דער שטעלונג פון פראנצויזישן פּרעזידענט זשיסקאר ד'עסטען צו מדינת ישראל. די מערהייט — פון דער אָפּאָזיציע, מיטן אנטייל פון פראנסוא מיטעראן, קאנדידאט אויף פּרעזידענט פון פאראייניקטן לינקן פראָנט. פון די יידישע אינסטיטוציעס, „קריף" — מיטן אנטייל פון אלען דע ראָטשילד, פּאָרזיצער פון רעפּרעזענטאטיוון ראט און פון דער קאָנסיסטאָריע.

ס'איז אָבער אזוי געשען, אז צוליב דער נישט גענוג באטראכטער ארויסטרעטונג פון הויפּט-אָרגאַניזאטאָר, אדוואָקאט היידענבערג, איז אן אינערלעכער, אָרגאניזאציאָנעלער קאָנפליקט, ארויסגעטראָגן געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט, מיט אַ פּאָליטישן אונטערשלאק קעגן יידישן „עסטאבלישמענט" צו שאפן און אויסאיבן אַ דרוק. דער סיכסוך איז גלייך אונטערגעכאפּט געוואָרן דורך דער פראנצויזישער עפנטלעכקייט. ביי יידן האָט זיך געשאפן אַ פיינלעך געפיל. די פרייד פון גרויסן יום-טוב איז פארשטערט געוואָרן. ס'איז נישט געוועזן אין אינטערעס פון יידישן ישוב, אַז אזעלכע יום-טובים זאָלן דערפירן צו אומאנגענעמע אינצידענטן. פאַרקערט, ס'דארף געשטארקט ווערן די טאָלעראנץ און אייניקייט פון אַלע טענדענצן און שיכטן פון יידישן ישוב אין פראנקרייך.

דער קאָמיטעט פאר יידיש און יידישער קולטור איז אויף דעם יום-טוב געווען פארטראָטן מיט א גרויסן סטאנד, וווּ ס'זענען פארקויפט געוואָרן יידישע ביכער, צייטשריפטן, דיסקן. אָבער אין דעם

גרויסן ים פון מענטשן, דערפילט מען ערשט ווי איינגעשרומפּן ס'איז דער יידיש-רעדנדיקער סעקטאָר.

## צוויי וואָכן יידישע קולטור

אָבער אויך דער יידיש-רעדנדיקער סעקטאָר האָט איבערגע-לעבט גרויסע, יום-טובדיקע טעג. אין יאנואר 1980 זענען פאָרגע-קומען די צוויי וואָכן געווידמעט דער יידישער קולטור, איינגעאָרדנט פון קאָמיטעט פאר יידיש און יידישער קולטור, צוזאמען מיטן או-ניווערסיטעט-צענטער פאר יידישע לימודים אין רש"י-צענטער. 26 אונטערנעמונגען זענען פאָרגעקומען ביי פול-געפּאַקטע זאלן. די אונטערנעמונגען האָבן באזוכט אן ערך 20 טויזנט מענטשן. (גענוי די צאָל פערזאָן איז שווער פעסטצושטעלן, ווייל איבער טויזנט מענ-טשן האָבן באצאָלט פאר אן איינטריט-קארטע אויף אלע 26 אונטער-נעמונגען). ווי מ'האָט אָפּגעשאצט, איז 35 פּראָצענט געווען יוגנט. דער פעסטיוואל פון יידישן וואָרט, פילם, מוזיק, טעאטער — האָט געלאָזן אן אומגעהויערן רושם. ס'זענען געקומען פיל יידן פון דער פּראָווינץ. ס'זענען פארקויפט געוואָרן הונדערטער פּראָנ-צויזישע ביכער אויף יידישער טעמאטיק, אויך ביכער און דיסקן אויף יידיש. ס'איז אָרגאניזירט געוואָרן אן אויסשטעלונג פון די ארבעטן פון יידישע מאָלערס און סקולפּטאָרן (44 קינסטלערס מיט קנאפע 100 שאפונגען). די אויגן זענען פשוט געוואָרן פארבלענדט פון דער רייכקייט פון פארבן און סוזשעטן.

אין דער פייערלעכער דערעפענונג האָבן זיך באטייליקט: איט-שע גאָלדבערג און פּראָפ' פון קווין קאָלדעזש אין ניו-יאָרק; יהושע פראווער, פּראָפ' פון העברעישן אוניווערסיטעט; פּראָפ' אדי סטעג, שרייבער-היסטאָריקער; ראבינער זשאָזע אייזענבערג; דער יידיש-פראנצויזישער שרייבער ראָזשע איקא; דעפּוטאט זשעראר מאר-קוס, וויצע-מער פון פּאַריז. אָנגעפירט מיטן צוגרייטן דעם פעס-טיוואל פון יידיש און יידישע קולטור, האָט דער פּאָרזיצער פון קאָמיטעט, ד"ר יצחק ווארשאווסקי.

אין דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג פון די יידישע

מאָלער און סקולפּטאָרן, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט פיל געש־מאַק דורך דער שרייבערין לילי בערגער, האָבן זיך באַטייליקט: דויד לאַזאַר, קולטור־אַטאַשע פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע; לעאָן אַבראַמאָוויטש, פון דער יידיש־פראַנצויזישער צייטשריפט „טריבון זשוויוו"; קאַטערין דע רולעוויטש, קונסט־קריטיקערין פון ראַדיאָ־פראַנס; די סקולפּטאָרין עווא גאָלדפאַרב און אַנדרע ווידאַל, פאָר־זיצער פון מאָלער־ און סקולפּטאָרן־פאַריין.

אין די ראַמען פון יום טוב, האָבן געשפּילט צוויי טעאַטער־אַנסאַמבלען: דער פּאַריזער, מיט דער מוזיקאַלישער קאָמעדיע „מלך פריילעך" פון יעקב פּרעגער, רעזשיסירט פון יוסף שיין; און דער בריסעלער אַנסאַמבל, אונטער דער לייטונג פון בעלא שאַפּראַן, וואָס האָט געשפּילט גאָלדפאַדענס „צוויי קוני לעמל".

אין דעם קאָנצערט פון יידישן ליד און מוזיק, איז אַרויסגעט־רעטן די אַרטיסטין פון „הבימה", עטל קאָוועַנסקי, אין דער באַגליי־טונג פון קאָמפּאָזיטאָר לעוו קאָגאַן, וואָס זענען ספּעציעל געקומען פון ישראל. די „טריאָ־וויוואַ" איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער פידלערין יהודית וואַרשאַוסקי. עס זענען דעמאָנסטרירט געוואָרן 5 אַלטע, יידיש־ריידנדיקע פילמען, ווי: „דער דיבוק", „טביה דער



פּרעזידיום פון דער פייערלעכער דערעפענונג פון „15 טעג פון יידיש און יידישער קולטור" אין פּאַריז. פון רעכטס זיצן: פּראָפ' **איטשע גאָלדבערג** פון ניו־יאָרק, הרב **אייזנבערג**, ד"ר **דויד לאַזאַר**, ישראל־אַמבאַסאַדאָר **מאיר ראָזען**, פּראָפ' **יצחק וואַרשאַווסקי**, וויצע־פּרעזידענט פון פּאַריזער שטאָטראַט, דעפּוטאַט **זשעראַר מאַרקוס**, ד"ר **קאַגאַנאָוויטש**, דער שרייבער און אינטערנאַציאָנאַלער יורידישער ראַטגעבער פון פּרעז. קענעדי — **פּיסאַר**. אויפן בילד לינקס: דער עולם אין זאַל.

מילכיקער" און אנדערע. אָבער דער געדראנג זיי צו זען נאָך אמאָל און ווידער אמאָל, באווייזט די בענקשאפט צו די פארשווונדענע געשטאַלטן פון דער אלטער היים. אַ שאָד, וואָס מ'האָט נישט בא-וויזן צו מאכן פראנצויזישע אונטערשריפטן, אז אויך די יוגנט זאָל זיי בעסער פארשטיין.

די רעפעראטן און סימפּאָזיומס זענען געווען באלערנדיקע, אויף א הויכן ניוואָ — וועגן דער יידישער ליטעראטור, פּאָעזיע, פּראָזע, טעאטער, וועגן די גרויסע צענטערן פון יידישער שאפונג, די יידישע ליטעראטור אין דער פראנצויזישער איבערזעצונג, יידי-שער הומאר, פראנצויזישע ליטעראטור אויף יידישער טעמאטיק, קאפקא און די יידישע ליטעראטור. ביי א פערציק רעפערענטן האָבן באהאנדלט די אינטערעסאנטע טעמעס. צווישן זיי — די שרייבערס: נח גריס, מ. ליטווין, מ. וואַלדמאן, די פּראָפעסאָרן דערטשאנסקי, אי. גאָלדבערג, י. ווארשאווסקי. און יידישע שרייבערס אויף פראנצוי-זיש — רחל ערטל, לילי שער, פּיאָטער ראוויטש, א. בולאווקא, דאָבזשינסקי, ראָזשע אסקא, דער וועלט-באַרימטער עקאָנאָמיסט, יוריסט און שרייבער שמואל פיסאר, אויך פען-מענטשן און געלערנ-טע פון די ספרדישע יידן: רענע סיראט, חיים זאפראני און אנ"ד.

אין די ראמען פון דעם פעסטיוואל, איז אויך אָפּגעצייכנט געוואָרן 50 יאָר מעדעם-ביבליאָטעק, וועלכע באזיצט עטלעכע און צוואָנציק טויזנט בענדער, דער גרעסטער יידישער ביכער-אוצר אין מע-רב-אייראָפּע. צווישן זיי — זעלטענע אויסגאבן, דערשינען נאָך פֿאר דער ערשטער וועלט-מלחמה. די ביכער איז געלונגען אויס-צובאהאלטן אין די יאָרן פון דער שרעקלעכער היטלער-אָקופּאציע, א דאנק דער דייטשער פרוי מרים סעבנאָווסקי, וועמ מ'האָט ארעס-טירט איר יידישן מאן, צוזאמען מיט דער לערערין איקא ריכטער, וואָס האָבן דעמאָלט אָנגעפירט מיט דער קיך אין ארבעטער-רינג אויף 110 רי ווייעי די טאמפּל. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די ביבליאָטעק. ביינאכט האָט די פרוי מרים סעבנאָווסקי, צוזאמען מיט איר 11-יאָריקער טאָכטער, וועלכע לעבט היינט אין ישראל, אזוי פאַרשטעקט די ביכער, אז די דייטשן האָבן זיי נישט געפינען. אין דער זעלבער צייט האָט די פרוי אויך אויסבאהאלטן אַ טייל פון




אויפנאַמע אין פּאַריזער אוניווערסיטעט „סאָרבאָן" **לכבוד די אָנטיילנעמערס** אינעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָלאָקוויום, געווידמעט דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור, פאַרגעקומען אין דער פּאַריזער הויכשול „קאָלעזש דע פראַנס", מיטן אָנטייל פון די פּראָפעסאָרן **דב סדן** און **משה דעוויס** (פון ירושלימער אוניווערסיטעט), **איטשע גאָלדבערג** און **מ. הערצאָג** פון די פאַרייניקטע שטאַטן.
אין פראָנט: **משה דעוויס**, פּראָפ׳ **רענע סיראַט** (איצט הרב הראשי פון פראַנקרייך), פּראָפ׳ **וואַרשאַווסקי**, רעדאַקטאָר **שלום קלינגער**.

דעם בונדישן ארכיוו, וואָס איז מיט גרויס מסירת נפש געהאַט איבערגעפירט געוואָרן פון היטלערישן בערלין קיין פּאַריז. דער וויכטיקער ארכיוו געפינט זיך איצט אין ניו-יאָרק (קורסקי-ארכיוו). אַ דאַנק דער זעלטענער פּרוי, איז פאַרהיט געוואָרן פון אומקום אַ קולטור-אוצר.

דער פאַרשטאָרבענער פילאָלאָג דר. בערנפעלד, האָט אויפן יום טוב לכבוד די 40 יאָר עקזיסטענץ פון דער מעדעם-ביבליאָטעק, געזאָגט: „איך קום אין דער ביבליאָטעק, ווי אין אַ מקום קדוש, וווּ ס'איז צונויפגעזאַמלט אַזוי פיל יידיש וויסן". פון די 4 יידישע ביבליאָטעקן מיט 10—15 יאָר צוריק אין פּאַריז, איז די מעדעם-ביבליאָטעק פאַרבליבן די איינציקע, וואָס פונקציאָנירט אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון אירע טוערס, מיט מאָדערנע קאַטאַלאָגן, אַ סטאַבילע לייענערשאַפט, צווישן זיי — עטלעכע צענדליק יוגנט-לעכע.

אין די ראַמען פון דעם קולטור-יום-טוב, איז אויך אָפּגעצייכנט געוואָרן די 70 יאָר פונעם פּאַרזיצער פון שרייבער- און זשורנאַ-ליסטן-פאַראיין, ל. לענעמאַן, אונטערן נאָמען „דער לעבנס-וועג פון אַ יידישן זשורנאַליסט". דערביי איז געקומען צום אויסדרוק נישט נאָר די לאַגע פון דער יידיש-פּרעסע, נאָר אויך די זאָרג, אַז ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל פאַרבייטן דעם עלטערן דור יידיש-זשורנאַליסטן.

דער יום טוב האָט אויך געגעבן אָנרעגונג די ספרדים צו אָר-גאַניזירן אין פּאָמפּידו-צענטער אַ 3-טאָגיקע מאַניפעסטאַציע גע-ווידמעט דער קולטור און פּאָלקלאָר פון די יידן ביים מיטלענדישן ים און פון נאָענטן מזרח.

## לינקיזם און ציוניסטישע פּאַרווירקלעכונג

ערב דער וואַל-קאַמפּאַניע צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווען די לופט אין פּאַריז איז נאָך געווען אָנגעזאַפּט מיט די דע-מאָנסטראַציעס פון דער סטודענטן-יוגנט און דעם לינקיזם פון די מאַי-געשעענישן אין 1968, האָט מען נישט געקענט זיין באַגייסטערט מיט געוויסע לאָזונגען פון „משמר", וואָס האָבן אפילו ארויסגע-

שטעלט אן אייגענע ליסטע צום קאָנגרעס, נישט זייענדיק מסכים מיט דער לינק-ציוניסטישער וואל-פּלאַטפאָרם. נאָר בעת א באזוך מיינעם מיט א יאָר שפּעטער אין קיבוץ ברעם, ביי דער ליבאַנישער גרענעץ, האָב איך אַ טייל פון אָט די באוואקסענע און באַבער-דלטע יוגנטלעכע געטראָפן דאָרט ארבעטן. איך האָב זיך דערמאָנט אַ ווערטל פון יוסף שפּרינצאק ז"ל: „די 'השומר הצעיר' רעדן טיילמאָל שרעקלעך, אָבער זייערע מעשים אויף די פעלדער פון ישראל זענען אזוי יידישלעך, ציוניסטיש, אז די רייד זייערע וועלן פאַרגיין, אָבער די ארבעט וועט באַשטיין".

„אַ פּרוכטבארער קוואל איז די יידישע יוגנט" — דערקלערט מיר דער שליח פון ישראל, וואָס ארבעט מיטן „משמר", דער קיבוץ-חבר שמואל ענגלמייער — „אָבער דער קוואל שטראָמט נישט אליין, מען דאַרף אים אנטדעקן דורך פיבערהאפטער טעטיקייט, וואָס איז ווידער פארבונדן מיט פינאנסיעלע מיטלען, כדי צו באזוכן צענדליקער גרעסערע און קלענערע צענטערן. מ'קאָן אויך נישט די אָנגעשטרענגטע ארבעט איבערלאָזן בלויז אויף דעם פּרייוויליקן מיליטאנטיזם, ווייל די יוגנט ארבעט, אָדער זי לערנט. מ'דאַרף אויך אליין האָבן אדורכגעגאנגען א יוגנט-באוועגונג, צו קענען דינען ווי א מוסטער, אז די אידייע, מיט וועלכער דו שטרעבסט צו באאיינפלוסן און דיינע מעשים — זאָלן זיך נישט פונאנדערגיין. מ'דאַרף זיין פּאָליטיש באהויכט פון סאָציאליסטישן ציוניזם. דער קאמף פאַר שלום אין ישראל און פאַר סאָציאלן יושר, איז נאָך מסוגל אָנצורעגן די נשמה פון דער יידישער יוגנט".

אַזאַ איז דער אויספיר פון שמואל ענגלמייער, נאָכן פאַרענ-דיקן זיין 3-יאָריקע שליחות מיטן „משמר" אין אייראָפּע. ס'איז אַ פרייידיקע דערשיינונג, וואָס די יוגנט, אָפּשטאמיקע פון צפון-אפריקע, שליסט זיך אָן אין אַלע ריכטונגען פון יידישן ישוב. ס'איז אָבער טרויעריק, וואָס די קינדער און אייניקלעך פון די מזרח-אייראָפּעישע יידן, רייסן זיך אַלץ מער אָפּ פון דער יידישער סביבה.

## פרויען־קרייז חביבה רייק

בעת דער זעקס-טאָגיקער מלחמה, האָבן אַ גרופּע מוטערס, וואָס זייערע קינדער לעבן אין די קיבוצים פון „השומר הצעיר״, זיך אָרגאַניזירט אין אַ קרייז א. נ. חביבה רייק ביים צערקל בערנאר לאזאר. די איניציאַטיוו איז געקומען פון דער חברטע פרידא און חברטע מרים ארטאני, אליין דערצויגענע אין „השומר הצעיר״. מרים איז געווען אן אקטיווע ווידערשטענדלערין. זייער טעטיקייט איז פאַרבונדן מיט די סאָציאַלע אינסטיטוציעס אין ישראל, וואָס ווערן אָנגעפירט פון דער פרויען-אָפּטיילונג ביים צענטראַל-קאָמיטעט פון מפ״ם. זיי שטייען אין פאַרבינדונג מיט אייניקע אנטוויקלונג-שטעטלעך אין ישראל. אין פּאַריז זענען זיי אָנגעשלאָסן אין אלגע-מיינעם פרויען-קאָמיטעט „קאָפּעראַסיאָן פעמינין״, וואָס העלפן פאַר-קויפן יעדן יאָר ישראל-פּראָדוקטן. די טעטיקייט איז פאַרבונדן מיט אַ סך אָנשטרענגונגען מצד די חברטעס, הגם זיי פאַרנעמען זיך צו ווייניק מיט פירן אַ ברייטע, פּאָליטישע אויפקלערונג צווישן די פרויען.

## פריינד פון מפ״ם

די סאַמע יונגסטע גרופּע, אָנגעשלאָסן אין צערקל בערנאַר לאַזאַר, איז — די פריינד פון מפ״ם. אין דער וואַל-קאַמפּאַניע צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, הארבסט 1971, האָבן צום ערשטן מאָל נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה, באַדאַרפט פאַרקומען אין פראַנקרייך וואַלן צום קאָנגרעס. האָט דער סעקרעטאַריאַט פון דער וועלט-באַוועגונג פון מפ״ם געשיקט קיין פּאַריז דעם זשורנאַליסט און רעדנער דוד שטאָקפיש. פאַר דער קורצער צייט פון זיין אויפ-האַלט אין פראַנקרייך, האָט ער באַוויזן אויפצושטעלן די גרופּע פריינד פון מפ״ם.

למען האמת, איז אויפן פאַריזער באָדן נישט געווען קיין ליידי-קער חלל פאַר די אידייען פון פאַרגעשריטענעם, חלוצישן ציוניזם. שוין אין אָנהייב פון יאָר 1955, נאָך דער שפּאַלטונג אין דער ישראל-

דיקער מפ״ם, איז א טייל פון לינקע פועלי ציון, מיט י. זרובבל און מ. ערעם בראש, מיטגעגאַנגען מיט אחדות העבודה. דאקעגן די אָנהענגער פון י. יצחקי, זענען פארבליבן אין מפ״ם. דער שטרייט צווישן די צוויי ריכטונגען, האָט אויך געהאַט אַן אָפּקלאַנג ביי די לינקע פועלי-ציון אין פאַריז. יוסף פרידמאן, איר גענעראל-סעקרעטאר, איז געבליבן אין דער מינדערהייט, צוזאַמען מיט נאָך א גרופע חברים, ווי: חיים קערבער, קובא פישבין, הערמאן, קאגאן און אנדערע, וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט מפ״ם און זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דער באוועגונג אין ישראל, נאָר די דאָזיקע גרופע האָט ניט געהאט קיין אריכת ימים, צוליב דער שוואַכער אקטיוויטעט. אייניקע חברים האָבן זיך אפילו אומגעקערט צו די לינקע פועל-ציון. נאָכן אַנטשטיין פון צערקל בערנאר לאזאר, זענען צו יוסף פרידמאן צוגעשטאנען די געוועזענע קאָמוניסטן: פאָזנאנסקי, קעלער און פרוי, ווי אויך אנדערע חברים וואָס האָבן פאקטיש געבילדעט די מפ״ם-גרופע אין פאריז, אָבער נישט געלייגט קיין באזונדערן געוויכט צו אנטוויקלען אַ טעטיקייט צווישן יידיש-ריידנדיקן ישוב.

צווישן די וואָס האָבן איבערגעריסן מיט די יידישע קאָמוניסטן, נאָכן אויפדעקן דעם מאָרד איבער די יידישע שרייבער אין ראטן-פארבאנד, איז אויך געווען דער לאנגיאָריקער טוער אין דער יידישער ארבעטער-באוועגונג, מאקס מעלמאן. אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין וואַרשעווער האַלץ-פאראיין, געווען אויך מיטגליד אין דער וואַרשעווער יידישער ביוראָ פון דער קאָמוניסטישער יוגנט, קומט ער קיין פראנקרייך אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט אין אָנהייב פון די 30קער יאָרן. ער געהערט צו דער ערשטער גרופע איבערוואַנדערער פון פּאַריז קיין ביראָבידזשאַן. אים געלונגט אָבער נאָך אַ קורצער צייט צו פאַרלאָזן דעם ראטן-פארבאנד. ער קערט זיך אום קיין פּאַריז אַן אנטוישטער, אָבער טיילט זיך נישט מיט זיינע צווייפלען. דאָ פירט ער אָן מיט דער גרויסער מאסן-אָרגאניזאציע פון יידישע האנטווערקער. ערשט נאָך די גרויסע איבערברוכן, שליסט ער זיך אָן אין דער מפ״ם-באוועגונג, ווערט אַ מיטגליד פון ביוראָ פון צערקל און אַ פאָרשטייער אין דער ציוניסטישער פעדע-

ראציע. ער האָט אויך געפּרוּווט באַווירקן דעם קרייז ארום דעם זשורנאל „אייניקייט", זיי זאָלן זיך דערנענטערן צום צערקל בערנאר לאזאר. ער האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן צו דער פארשפּרייטונג פון דער מפּ"מישער „ישראל-שטימע" און ביים אויפשטעלן דעם פאַר-לאג „ישראל-בוך". ר'האָט זיך אויך דערנענטערט צו דער פּראָ-גרעסיווער אָרגאניזאציע, נאָר ווי א חבר פון מפּ"ם, האָט ער צוזא-מען מיט דוד שטאָקפיש, געהאָלפן אָרגאניזירן די פריינד פון מפּ"ם.

פאר מענטשן, וואָס האָבן אריבערגעשפּאנט די 60 יאָר, מיט אזא רעוואָלוציאָנערן אויפבראויז הינטער זיך, איז נישט אזוי לייכט אָנצוהייבן אויפסניי א געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. נאָר דאָס גע-וויסן פאָדערט כסדר: האָסט געבלאָנדזשעט, נישט געדינט די אינ-טערעסן פון דיין פאָלק. אַ דערקלערונג אין דעם גייסט האָבן מיר פארעפנטלעכט אין אַ העקטאָגראפירטן ביולעטין, אז „די פריינד פון מפּ"ם גלידערן זיך איין אינעם קאמף קעגן סינטעז צווישן נאציאָנאלן באפרייאונג-געראנגל און קאמף פאר סאָציאלן יושר. דער דאָזיקער כוח איז — מפּ"ם, מיט אירע עטלעכע און זיבעציק קיבוצים, לרוב אויף די גרענעצן פון ישראל. זיי שטייען אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון בוי און פארטיידיקונג פון לאנד. ווי אַ קאָלעקטיוו, בילדן זיי א צייל פון דער יידישער באפרייאונג-באַווע-גונג, אין קאמף פאר שלום מיט די אראבישע שכנים, קעגן נאציא-נאליזם און שאָוויניזם, וואָס טראָגן אין זיך געפאַרן פאר דער עקזיס-טענץ פון ישראל".

## די וואַלן צום 28סטן ציוניסטישן קאָנגרעס

דאָס באַווייזן זיך פון אַ לינק-ציוניסטישע רשימה מיט נעמען פון באקאנטע יידן, האָט ארויסגערופן רוגזה און צאָרן אין געוויסע קרייזן. אין דער טאָג-צייטונג „אונדזער וואָרט" האָבן זיך אָנגע-הויבן באַווייזן העץ-ארטיקלען קעגן מפּ"ם, מיט אויסזוכן אלע אירע פעלערן אין דער פארגאנגענהייט, ווי בי-נאַציאָנאלער שטאט, אָדער כלומרשטן סטאליניסטישן אָפּנויג. אַלץ איז צעלייגט געוואָרן אויף טעלערלעך, ביז אַזעלכע אבסורד-רכילות, אַז מפּ"ם אין פראנקרייך

ארבעט מיט מיט די לייט פון יאסער אראפאט. מ׳האָט פארשוויגן, אַז ס׳עקזיסטירט אַ מערך פון די ישראלדיקע ארבעטער-פארטייען, אז מען טראָגט צוזאמען די פאראנטוואָרטלעכקייט אין דער ישראל-רעגירונג און אין דער הסתדרות-אָנפירערשאפט. מ׳האָט קינסטלעך צעבלאָזן אַ שנאה, אַז מ׳איז געווען געצוווּנגען צו רופן אן עפנטלעכע אויפקלער-פארזאמלונג. נאָך דעם ווי דער ישראל-אמבאסאדאר האָט גערופן צו ציוניסטישער טאָלעראַנץ, האָט די צייטונג אָפּגעדרוקט אן אנטשולדיקונג אין עטלעכע שורות.

הגם דאָס איז געווען אַ געוויסע מאָראלישע סאטיספאַקציע, איז אָבער די אטמאָספער שוין געווען אַ פארסמטע. די פריינד פון מפ״ם האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט צווישן עלטערן, יידיש-ריידנדיקן דור, וואָס האָט בלב ונפש ליב ישראל. ווי האָט געשריבן סאָלזשעניצין: „וואָס ווייטער פון פראָנט, אַלץ מער פּאטריאָט״.
די רעזולטאטן פון די וואלן, וואָס די לינק-ציוניסטישע רשימה האָט באקומען שטימען, האָט ווייט נישט אנטשפּראָכן איר פאקטישער השפעה אין יידישן לעבן. פון די אָנגעגעבענע 35 טויזנט רעגיסטרירטע מיטגלידער אין דער ציוניסטישער באוועגונג, האָבן בלויז 15 טויזנט אנטייל גענומען אין די וואלן. „הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען״ — האָט מען געשמועסט אין פּאַריז. ווייל פון די אָנגעגעבענע ציפערן, האָבן אַ סך געקאָנט פּאַרגליכן ווערן מיט גאָגאָלס „טויטע נפשות״. ווייל אויב ס׳איז אזוי גוט — פאר וואָס איז אזוי ביטער? ס׳איז נישט געווען קיין סוד, אז די ציוניסטישע פעדעראציע לעבט איבער אַ שווערן קריזיס.

(ווען איך שרייב די שורות, זענען שוין לאנג פאָרגעקומען וואלן צום 29סטן ציוניסטישן קאָנגרעס. ליידער, דער זעלבער אופן פון יאָגן זיך נאָך מאנדאטן...).

די פריינד פון מפ״ם איז אַ דינאמישע, ציוניסטישע גרופּע, וואָס נעמט אַן אקטיוון אנטייל אין אלע אקציעס פון יידישן ישוב, פירט אן אויפקלערונג-טעטיקייט, אָרגאניזירט יעדעס יאָר סעמינאר-עקסקורסיעס קיין ישראל, וואָס אַ סך פון די עקסקורסאנטן באזוכן ישראל צום ערשטן מאָל. די פריינד פון מפ״ם האָט גענומען אויף זיך די אפּוטרופּסות פינאנסיעל און געזעלשאפטלעך שטיצן אַ קול-

טור־קלוב אין שכונת התקוה, איינער פון די אָרעמקייט־קוואַרטאַלן אין תל-אביב. ס׳וועלן יעדעס יאָר אויסגעטיילט סטיפּענדיעס פאַר פעיקע, אומפאַרמעגלעכע שילער אין דעם קוואַרטאַל.

אייניקע אָנפירנדיקע חברים פון דער גרופּע האָבן שוין עולה געווען קיין ישראל, צוזאַמען מיט זייערע משפחות — מאַקס מעל-מאַן, שלמה סאַפּראַן, הערשל גאָלדפינגער. אויך אין ישראל זענען זיי געזעלשאַפטלעך אַקטיוו אין די קאָמיטעטן פאַר יידיש אין ירו-שלים, רמת-גן, חולון. מיט דער צייט זענען צוגעקומען צו די פרײַנד פון מפ״ם, די לאַנגיאָריקע טוערס פון דער היגער מק״י. אָט איז אַן אויסצוג פון אַ דערקלערונג פון איזאַק אָפּאַטאָווסקי, אויף אַן עפנטלעכער דעבאַטע „יידיש פאָלק, ציוניזם און מדינת ישראל״, פאָרגעקומען דעם18-טן מאַי 1976:

„נישטאָ קיין אָרט פאַר נייע אידעאָלאָגיעס, אין די ראַמען פון די באַנקראָטירטע יידיש פּאַרטייען, נאָר בלויז אין דער נאַציאָ-נאַלער באַוועגונג, מיט אַלע אירע שאַטירונגען. ס׳מוז נעמען אַ סוף צו דער אַפּאַטיע און גלייכגילטיקייט פון די, וואָס זענען דעזאָריענטירט פון די גרויסע אַנטוישונגען. מיר דאַרפן מיט ביידע פיס זיך שטעלן אין לאַגער פון אַרבעטנדיקן ציוניזם״.

דער שרייבער ב. שלעווין האָט דעקלערט אויפן סימפּאָזיום:

„די טרעגער פון מאַרקסיזם האָבן נישט דערשאַצט אונדזערע עלעמענטאַרע, פאָלקישע פאַרלאַנגען און ביז היינט איז זייער צוגאַנג צו אונדזערע אינטערעסן אַן אַסימילאַטאָרישער און זיך דערקייקלט ביז אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז יידישער גורל. ביז היינט זענען מיר נאָך אַלץ נישט קלאָר דעפינירט, צי מיר זענען אַ פאָלק, אָדער אַ רעליגיעזע סעקטע. אַז מיר זענען אַ פאָלק, איז פאַר אונדז נישט קיין שום ספק. און דאָס טאַקע האָט, מיטן אַנטשטיין פון ישראל, אונדז אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט די ראַנגלענישן פון דער מדינה — פאַר אונדזער אַלע-מענס עקזיסטענץ״. „...סאָציאַליזם — איך גלויב אין דעם. אויב ס׳וועט אַמאָל קומען דער אמתער, אומגעפעלשטער סאָ-ציאַליזם אין דער וועלט, וועלן מיר אין ישראל זיכער נישט זיין פון די לעצטע. מיר טראָגן אין זיך די שענסטע, העראָישע טראַדיציעס פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן״.

דער שרייבער פון די שורות האָט דערקלערט אויף דעם סימ-פּאָזיום:

„דער העברעישער שרייבער י. ח. ברענער האָט אַזוי דעפינירט וואָס מיינט ציוניסט: ,כדי צו זיין אַ ציוניסט, דאַרף מען זיין

אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט דעם צער פון פאָלק, די טיפע טראַגעדיע פון יידישן פאָלק, אַ מענטש מיט אַ ריין האַרץ און קלאָרן מוח, כדי צו אַרבעטן פאַרן פאָלק און בויען דאָרט, ווו ס׳איז נישטאָ קיין אויסגעטראָטענער וועג׳. אַז אַ געוועזענער קאָמוניסט לייענט דאָס איבער, ווערט אים טרויעריק אויף דער נשמה, און ער פרעגט זיך אַליין: האָבן מיר טאַקע נישט געהאַט קיין ריינע הערצער, פול מיט גלויבן? איז נישט געווען ביי אונדז גענוג ליבע צום יידישן פאָלק? פון וואַנען וואָלטן מיר געשעפּט כוח און גייסטיקע ענערגיע? איז דאָך די זאָרג פאַרן יחיד און פאַר דער צוקונפט פון פאָלק געווען דער אָנרעגער אָנצושליסן זיך אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אוודאי זענען געווען אַ טייל, וואָס דער קאָמוניזם איז ביי זיי געווען אַ שפּרונג-ברעט צו אַסימילאַציע, אינטעגראַציע. אָבער די ווייט גרעסטע מערהייט קינדער פון דער יידישער אָרעמקייט זענען געווען געקנופּט און געבונדן מיטן פאָלק. מיר האָבן געגלויבט אין האַלבע אמתן, אַז דער מקור פון אַנטיסעמיטיזם איז בלויז אין די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון דער געזעלשאַפט, געבויט אויף פּריוואַט-אייגנטום. מיר האָבן אויך געגלויבט אין די פאַלשע, פאַרפירערישע אילוזיעס, אַז אין ראַטן-פאַרבאַנד ווערט פולשטענדיק געלייזט אונדזער נאַציאָנאַל פּראָבלעם״.

## „פאַריזער טריבונע״

די פריינד פון מפ״ם האָבן אַלץ מער אויסגעברייטערט זייער ציוניסטיש-אויפקלערערישע אַרבעט. אין אַ סך פאַלן זענען זיי געווען די ערשטע צו נעמען די איניציאַטיוו ביי פּאָליטיש-ציוניסטישע אַקציעס, ווי אויך שטיצן מאָראַליש און פינאַנסיעל די צייטשריפט פון מפ״ם, די „ישראל-שטימע״ און געשאַפן אַ ברייטן קרייז אַבאָנענטן און לייענערס. אויך מיר גופא האָבן זיך פאַרמאָסטן אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטשריפט — „פאַריזער טריבונע״. אָט וואָס עס שרייבט דער סעקרעטאָר פון דער רעדאַקציע, וואָלמאַן, אין נומער 7:

„אין אַ שווערער צייט פון געדרוקטן יידישן וואָרט, האָבן מיר זיך דעצידירט אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט, געווידמעט פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע און קולטור-פּראָבלעמען. מיט סאַטיספאַקציע שטעלן מיר פעסט, אַז די צייטשריפט איז אויפגענומען געוואָרן מיט סימפּאַטיע פון פּאַריזער יידישן עולם. מיר באַ-



צונויפקום לכבוד דעם דערשיינען פון בוך „און מען האָט מיך רעהאַביליטירט", אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, אָרגאַניזירט פון די „פריינד פון מפ"ם" און דער לובלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז. אין פּרעזידיום זיצן, פון לינקס: פּאַרזיצער פון דער לובלינער לאַנדסמאַנשאַפט, **אלתר זאַבערמאַן** ז"ל; זשורנאַליסט **הערשל גאָלדפינגער**; שליח פון מפ"ם, **דב פודער**; דער שרייבער **בנימין שלעווין** ז"ל; ביים מיקראָ — די סעקרעטאַרין פון דער לובלינער לאַנדסמאַנשאַפט, **טעשקע קאָרמאַן־פּאַרשטעטער**; פּאַרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג, **איזאַק אַפּאַטאָווסקי**; פאַרשטייערין פון די סאָוועטישע קעמפער פאַר מענטשן־רעכט, די דיכטערין **נאַטאַליאַ גאָרבאַנאָווסקאַיאַ**; **דער מחבר**; דער זאַמאָשטשער לאַנדסמאַן **סאני באַסמאַן**; רעדאַקציע־מיטגליד פון דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, פּראָפ׳ **פרעדעריק דאַזשעס**.

קומען זייער וואַרעמע אָפּרופן פון שרייבערס און לייענערס פון דער גאָרער וועלט״.

דער גרויסער יידישער פּראָזאיקער עלי שעכטמאַן שרייבט אין זיין אָפּרוף:

„איך דאַנק אייך פאַרן צושיקן מיר די ,טריבונע׳, וואָס איז שוין איצט, און וועט מיט דער צייט, געוויס ווערן מער און נאָך העכער״.

דער יידיש-ענגלישער שרייבער, פּאָעט און איבערזעצער יוסף לעפטוויטש שרייבט אין זיין באַגריסונג:

„דער מאמר אין דריטן נומער ,פּאַריזער טריבונע׳ וועגן קאַמף און ווידערשטאַנד פון די סאָוועטישע יידן פאַר זייערע רעכט אויסצולעבן זיך אין דער יידישער קולטור, דער פּערמאַנענטער ווידערשטאַנד פון די רעליגיעזע יידן — דערמאָנט מיך דאָס גרויסע ווערק פון קראַסנאָיאַרסקי״.

דער לאַנג-יאָריקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-טוער לעאָן שעל (שווייץ), שרייבט: „זי דערוועקט פונקען פון אַ באַנייטער אַר-יענטאַציע אין די רייען פון די אַנטוישטע״. פון קאַנאַדע שרייבט בערל אייזנקאָפּף: „איך בין שטאָלץ, ממש באַגייסטערט, וואָס אונ-דזערע אני מאמינס האָבן געפונען אַ תיקון אין דער שטרעבונג פון אַ פרייַ ישראל, באַזירט אויף סאָציאַלן יושר״. דער אַקטיווער אַרבעטער-טוער אַ סך יאָרן, מ. קאָרזשעץ שרייבט: „איך בין באַאיינ-פלוסט געוואָרן פונעם אַרטיקל וועגן יידישן קינסטלער מאַלקין. ס׳האָט אויפגעוועקט ביי מיר די אַלטע געוווינהייט פון ליבע צו שיינקייט; אַ ליבע וואָס איז ביי מיר אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיטן טויט פון מיינע דערמאָרדעטע קינדער״. דער געזעלשאַפטלעכער און קול-טור-טוער סעם מאַקאָווסקי, פון בעלגיע: „די אַרטיקלען וועגן געטאָ און די סאָוועטישע יידן, ווי די דערקלערונג פון פלושטש, קען מען נישט לייענען אָן האַרץ און ציטער, אָן אַ טיפן ווייטיק״.

די פריינד פון מפ״ם זענען פאַר די יאָרן פון זייער טעטיקייט געוואָרן פּאָפּולער און אַנערקענט אין יידיש-רעדנדיקן ישוב אין פּאַריז. זיי זענען פאַרטראָטן אין אַלע אָנפירנדיקע אינסטאַנצן, ווי: פאַרבאַנד און פעדעראַציע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, קאָמיטעט פאַר יידיש, פאָלקס-אַקציע אאַנ״ד. אין די לעצטע יאָרן, זענען אַ

רײַ פּאָליטישע אַקציעס, ווי די שטאָטראַט- און פּאַרלאַמענט-וואַלן, און גרעסערע אויפקלערונג-פֿאַרזאַמלונגען, געפֿירט געוואָרן צוזאַמען מיט דער „העבודה"-פּאַרטיי.

## איינהייטלעכע יידישע דעקלאַראַציע

צו די באַדייטנדיקע פּאָליטישע געשעענישן אין יידישן ישוב אין פראַנקרייך אין די לעצטע יאָרן, דאַרף באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן די איינהייטלעכע דעקלאַראַציע פון „קריף", רעפּרעזענטאַטיווער ראַט פון אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמט אַרום 33 אָרגאַניזאַציעס — פון דער קאָנסיסטאָריע (וועלכע פירט אָן מיט אַלע רעליגיעזע אינסטיטוציעס) ביז די פּאָלקסטימלעכע לאַנדסמאַנשאַפטן און „אוניאָן", וואָס אַרבעט מיט מיט דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן ישוב, איז אַ פּאָליטישע דעקלאַראַציע אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. בלויז דער פאָרשטייער פון „אוניאָן" האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. די דעקלאַראַציע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערב די פּאַרלאַמענט-וואַלן און אַרויסגערופן פאַראינטערעסירונג אין דער גאַנצער פראַנצויזישער עפנטלעכקייט, ווי אין די שטאַבן פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען.

לאָמיר ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דער דעקלאַראַציע:

> „פאַר יידן איז דער עיקר — סאָציאַלער יושר, וואָס איז תמיד געווען אַ קאַטעגאָרישער חוב און דער עצם יסוד פון פרייהייט. אין גייסט פון פּלוראַליזם פון זיינע טראַדיציעס פון גלויבן און ריכטונגען, דאַרף זיך דאָס יידנטום אין אַלע זיינע אַספּעקטן, קאָנען אויסדריקן אין דער פולסטער מאָס, אין די ראַמען פון דער נאַציאָנאַלער געמיינשאַפט, צו קאָנען פאָרשטעלן זיינע מיינונגען, אָפּהיטן דעם באַגער צו באַזיצן אַן אייגענע אידענטיטעט. ס'דאַרף אָנערקענט ווערן די גייסטיקע, היסטאָרישע און קולטור-ירושה פון יידנטום לגבי דער פראַנצויזישער נאַציע, און זיין צושטייער צו דער פראַנצויזישער אוניווערסאַלער קולטור, באַרעכטיקט, אַז אין דער ראַם פון דער נאַציאָנאַלער דערציאונג, זאָל אַריינגענומען ווערן דער לימוד פון יידישער געשיכטע, און גאַנץ באַזונדער — די געשיכטע פון דער שואה.

„דער יידישער ציבור אין פראַנקרייך האַלט פאַר באַרעכטיקט און לעגיטים זיינע פאַרבינדונגען מיט אַלע יידישע ישובים אין דער וועלט, און באַזונדערס מיטן פאָלק און לאַנד ישראל און מיט ירושלים, וואָס האָט כמעט אַ פיר טויזנט יאָריקע, בשותפותדיקע געשיכטע. אָט דער היסטאָרישער, גייסטיקער און חיותדיקער צובונד, מאַכט קלאָר, פאַר וואָס דער יידישער ציבור אין פראַנקרייך זעט דווקא אין ישראל דעם פריווילעגירטן אויסדרוק פון יידישן מהות. דער יידישער ציבור לעבט איבער יעטוועדע סכנה פאַרן קיום פון מדינת ישראל, ווי אַן אַנגריף קעגן זיין אייגענעם קיום, קעגן זיין „קאָלעקטיוון זכרון", זיין גלויבן, זיין האָפענונג און זיין כּבוד. נעמענדיק אין אַכט די פּראָ-אַראַבישע אָריענטאַציע פון די פראַנצויזישע רעגירונגען זינט דער זעקס-טאָגיקער מלחמה און דעם נאַפט-פּסיכאָז און שאַנטאַזש, איז די דעקלאַראַציע אַ דרייסטע און זי שפּיגלט אָפּ דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן צונויפבונד פון פראַנצויזיש-יידישן ישוב מיט מדינת ישראל".

## דער נייער יידישער ישוב

דאָס דערגרייכן זעלבשטענדיקייט פון די צפון-אַפריקאַנער לענדער (מאַראָקאָ, טוניס, אַלזשיריע), האָט גלייכצייטיק צעטרייסלט און אומגעברענגט די אַלטע, טויזנט-יאָריקע יידישע קהילות אין די דאָזיקע לענדער. דער יונגער, קעמפערישער, אַראַבישער נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, פאַרטראָגט נישט קיין אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייט — האָט דערקלערט אַלבער מעמי, דער יידיש פראַנצויזישער שרייבער, געבוירן אין טוניס. די יידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט נעמען דעם וואַנדער-שטעקן. דערפאַר איז דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך זיך פונאַנדערגעוואַקסן, און מען רעכנט, אַז ער דערגרייכט אין די לעצטע יאָרן ביז אַ 700 טויזנט. די ווייט גרעסטע טייל פון די צפון-אַפריקאַנער יידן רעדן פראַנצויזיש, אַ טייל זענען פראַנצויזישע בירגער און האָבן פאַרהעלטנישמעסיק שנעל זיך אינטעגרירט אין אַלע צווייגן פון דער פראַנצויזישער ווירטשאַפט. צוגלייך מיט אַלע רעפּאַטריאַנטן פון די דאָזיקע לענדער, האָבן זיי באַקומען פינאַנסיעלע הילף פון דער פראַנצויזישער רעגירונג. זיי האָבן אויך באַקומען הילף פון „דזשאָינט", וואָס האָט אַ סך פאַרגרינגערט דעם איבערגאַנג-פּראָצעס.

די לעצטע סטאטיסטיק האָט באוויזן, אז דער סאָציאלער באַש-
טאנד איז אויף א געזונטער, עקאָנאָמישער באזע. 20% פון זיי
זענען לוין-ארבעטער, מער ווי אַ העלפט — בעלי מלאכות, לאנד-
ווירטן, קליינהענדלער און אָנגעשטעלטע. 4 פראָצענט — אינדוס-
טריעלער, און 16 פראָצענט — הויכע קאדערן און פרייע פראָ-
פעסיעס. אין דרום פראנקרייך האָבן אויפגעלעבט א צענדליק יידי-
שע קהילות. אָבער צאָלרייך זענען די צפון-אפריקאנער יידן קאָנ-
צענטרירט אין פּאַריז און איר אומגעגנט. זיי זענען דאָ געוואָרן אַ
פּאָליטישער פאקטאָר אין אלגעמיין-פּאָליטישן לעבן אין לאנד, און
גאָר באזונדערס — ביי די וואלן אין די שטעטלעך. אזוי ווייט, אז
די קאָמוניסטישע פארטיי האָט געהאלטן פאר נויטיק ארויסצוגעבן
אַ ספּעציעל בלעטל פאר די פּאָטענציעלע יידישע וויילער, נישט
פארלאָזנדיק זיך מער אויף דער וועכנטלעכער פראנצויזישער „פּרעס
נוּוועל — העבדא". און דאָס איז אפשר די הויפּט-סיבה, וואָס די
„העבדא" לעבט איבער א קריזיס, און זיך געמוזט צייטווייליק
אָפּשטעלן.

# דער יידיש-רעדנדיקער סעקטאָר

אין קענגזאַץ צום אַלגעמיינעם פונאַנדערוווּקס פון יידישן ישוב, האַלט זיך אין איין פאַרשמעלערן און איינשרומפּן דער יידיש-רעדנדיקער סעקטאָר. נאָך מיט 10 יאָר צוריק, אין 1970, זענען דערשינען דריי טעגלעכע צייטונגען: „אונדזער וואָרט", „אונדזער שטימע", „נייע פּרעסע". פאַרבליבן איז בלויז „אונדזער וואָרט". דאַקעגן „אונדזער שטימע" דערשיינט ווי אַ חודש-אויסגאַבע און די קאָמוניסטישע „נייע פּרעסע" — 2-3 מאָל אין דער וואָך.

אונטער דער רעדאַקציע פון שלום קלינגער דערשיינט די וואָכנשריפט פון מזרחי „אונדזער וועג", ווי אויך דער חודש-זשורנאַל „אויף דער וואַך" (געגרינדעט פון שלמה פרידריך ז"ל), רעדאַגירט פון זשורנאַליסט זלמן גאָסטינסקי, וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ קינסטלערישן אַלבום מיט בילדער און טעקסט פון שילן און היסטאָרישע מצבות, וועלכע ס'איז אים געלונגען אויסצוזוכן נאָכן חורבן אין פּוילן, ביזן יאָר 1967.

כמעט 90 פּראָצענט עלטערן פון יידיש-רעדנדיקן עולם האָבן זיך שוין צוריק געצויגן פון זייערע אַקטיוויטעטן, נישט נאָר אַלס פּראָדוצירער, נאָר אַפילו אין האַנדל. דערפאַר האָט אויפגעהערט צו זיין טעטיק דער האַנטווערקער-פאַרבאַנד, ווי אויך דער שטריקערצערקל. די איינציקע, ברייטע, אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַס פון די יידישרעדנדיקע, זענען פאַרבליבן די לאַנדסמאַנשאַפטן. אָבער אויך אין די אָרגאַניזאַציעס איז נישט צו פיל האָפּערדיק. זיי האַלטן זיך אויף אַ גאָר באַגרענעצטן אַקטיוו. אַוועק די צייטן, ווען יערלעכע וואַלפאַרזאַמלונגען האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. ס'זענען געווען אַ סך בעלנים צו ווערן פּרעזידענט, ציי סעקרעטאַר, אָדער קאָמיטעטמיטגליד. אַמאָל האָט מען געהוזקט פון כבוד-זוכעריי. היינט בענקט מען נאָך יענע צייטן. ווייל כבוד — שרייבט דער פּובליציסט און דענקער מרדכי שטריגלער — איז דער וואָרצל פון אַ טיף גייסטיקער זוכעניש. די מענטשלעכע נשמה בענקט נאָך חשיבות. דאָס ליגט אין דער מענשטלעכער נאַטור. דער מענטש אַליין איז קיינמאַל

נישט זיכער אין זיך, ביז ער זעט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט אין אנדערע אויגן, ווערט דער דראנג צו כבוד א נארמאלער אורשפּרונג, א נש-מה-געשריי, א גייסטיקער זשעסט פון דער מענטשלעכער פּערזענ-לעכקייט".

די סיבה פון דער איצטיקער גלייכגילטיקייט צו שטיין אין דער אָנ-פירונג פון געזעלשאַפטן און סאָסיעטעס, איז גאָר פּשוט — די עלטער. די מיטגלידערשאפט פארקלענערט זיך כסדר. דער נאטירלעכער, ביאָלאָגישער פּראָצעס איז פיל ראשיקער ביים דור פון דער שארית הפליטה, וואָס האָט איבערגעלעבט די שווערע, ביטערע יאָרן פון פינצטערן היטלעריזם. חוץ דעם — די גייסטיקע אנטווישונגען. א סך דערגרייכן נישט דעם דורכשניט-עלטער. עס זענען אוועק פאר דער צייט אזעלכע שרייבער און קולטור-שעפער, ווי די פּאָעטן אלחנן וואָגלער און פערעלע האלטער, דער רעליגיעזער מנהיג הרב טשאסקאָלאָ, די שרייבער דאָמענקעוויטש, מענדל מאן, דער דינאמישער מנהיג שלמה פרידריך, וואָס זיין טעטיקייט האָט געמאכט געשיכטע אין יידישן ישוב אין פראנקרייך.

שלמה פרידריך איז געווען באשאָנקען מיט פּאָלקסטימלעכער באשיידנקייט, נישט נאָר אויף עפנטלעכע טריבונעם, נאָר אין זיין באציונג צו מענטשן, אָן אונטערשייד צי ר'איז א פּאָליטישער קעג-גנער. דער שרייבער און מאָלער באַרווין-פּרענקל האָט עס זייער טרעפלעך באצייכנט: „דער אויטענטישער זשאבאָטינסקי-אָנהענגער האָט אויך געקענט אויסשטרעקן א ברודערלעכע האנט א בונדיסט. דער רעליגיעזער ייד שלמה פרידריך, האָט אויך געהאט אן אָפּן הארץ פאר אן אפיקורס, קוים האָט ער אין אן עת צרה זיך גע-נייטיקט אין הילף".

איך אליין בין דער אויטענטישער עדות. דריי יאָר בין איך געווען אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון דער „צווייטער ביו-ראָ", צוליב א טעותדיקער דאטע פון א פּאָליציי-פּראָטאָקאָל, בעת מיינע פּאָליטישע זינד אין די יוגנט-יאָרן. קיין שום אדוואָקאט האָט מיר נישט געקענט העלפן. איך האָב זיך דאן געוואָנדן צו שלמה

פרידריך. טראָץ זיין פאַרנומענקייט, האָט ער מיך פריינדלעך אויפ־געגומען און געשאָנקען דעם ענין נישט ווייניק צייט און מי. אַ דאַנק זיין אויטאָריטעטער אינטערווענץ, האָב איך באַקומען דעם לעגאַלן סטאַטוס צו לעבן אין פראַנקרייך.

מיט די עטלעכע שורות גיב איך אָפּ כבוד דעם גרויסן מענטשן־פריינד און ציוניסטישן עסקן, וואָס איז פריצייטיק אוועק אין דער אייביקייט.

## נאָך דעם גירוש פוילן

די נאַציאָנאַלע אויפוואַכונג אין די יאָרן נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה, האָט זיך פּאָזיטיוו אויסגעווירקט אויך אויף די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס זענען לרוב געווען אונטערן קאָמוניסטישן איינפלוס. אויך דער גירוש פוילן פון יידישע קאָמוניסטן, האָט צוריק געבראַכט די קאַדערן קיין פּאַריז אַזעלכע באַקאַנטע, לאַנג־יאָריקע טוערס, ווי לולקע, לילי בערגער, יידל קאָרמאַן און פיל געוועזענע שפּאַניע־קעמפער. זיי אַלע זענען נאָך דער מלחמה געפאָרן בויען דעם סאָציאַליזם אין נייעם פוילן, וואָס האָט אויך געווירקט אויפן אויס־ניכטערונג־פּראָצעס. לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס זענען פריער געווען געשפּאָלטן צוליב אידעאָלאָגישע חילוקי־דעות, האָבן זיך צוריק פאַ־רייניקט, ווי די לאָדזשער, לובלינער אאנ״ד. אָבער נאָך בולטער איז אָט דער פּאָזיטיווער פּראָצעס פאָרגעקומען ביי די אָנפירער פון „פאַרבאַנד" פון די לינקע לאַנדסמאַנשאַפטן. זיי זענען בהדרגהדיק געוואָרן אַ באמת נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, נעמען אַנטייל אין אַלע טעטיקייטן פון פאָלקס־קאָמיטעט, פון „מגבית", באָנדס, קריף, יידישער וועלט־קאָנגרעס. ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאָאָר־דיניר־קאָמיטעט צווישן די צוויי צענטראַלע קערפּערשאַפטן „פאַר־באַנד" און „פעדעראַציע". אַלע פּאָליטישע טעטיקייטן ווערן גע־פירט צוזאַמען, הגם די גרעסטע טייל פון די 151 געזעלשאַפטן וואָס באַזיצן בשותפותדיקע „קאַוואָס" (קברים) זענען נישט פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער אָנפירערשאַפט. פון דער אַלגעמיינער צאָל

געזעלשאפטן פאר קעגנזייטיקער הילף, זענען 81 געבויט לויט זייע-רע אָפּשטאם-שטעט.

אין יאָר 1968 זענען פּאָרגעקומען אַרום 50 יזכור-פאַרזאַמ-לונגען. אין 1978 — קוים אַ דריטל. דאָס שפּיגלט אָפּ די אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און פון גאַנצן יידיש-רעדנ-דיקן סעקטאָר.

## מאָנומענט פון אומבאַקאַנטן יידישן מאַרטירער

די צענטראַלע טרויער-אַקאַדעמיעס צום יאָרטאָג פון וואַר-שעווער געטאָ-אויפשטאַנד, וואָס פלעגן פּאָרקומען אין 2-3 גרויסע זאַלן, איז אין די לעצטע יאָרן אַן איינהייטלעכע, אונטערן פּאַט-ראָנאַזש פון „קריף", ביים מאָנומענט פון אומבאַקאַנטן יידישן מאַרטירער, וואָס לאָזט איבער אַ געוואַלדיקן איינדרוק. אַ סך אַנער-קענונג און דאַנקבאַרקייט מצד דעם יידישן ישוב אין פראַנקרייך האָט זיך פאַרדינט דער איניציאַטאָר, הרב יצחק שניאורסאָן ז"ל, פאַר זיין עקשנות אויפצושטעלן דעם מאָנומענט, טראָץ דער קעגנער-שאַפט און עפנטלעכער העצע פון אַ ריי יידישע אינסטיטוציעס און פּערזענלעכקייטן. ס'איז אפילו דערשינען אין בון־פּאָרם (208 ז"ז) אַ זאַמלונג אַרטיקלען, אין יידיש און פראַנצויזיש, פון דעם ציוניסטישן עסקן אברהם רודי ז"ל, קעגן אויפשטעלן דעם מאָנומענט. אָבער זייט דער מאָנומענט איז געוואָרן אַ פאַקט, קומען דאָרטן פאָר די יזכור-אַקטן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, אזכרות אין די טרויער-טעג פון די פראַנצויזישע יידן, און אין יעדער עת-צרה פון יידן אויף דער וועלט — גייט אַ דעמאָנסטראַציע צום מאָנומענט. דאָרט איז אויך טעטיק אַ פּאָרש-צענטער מיט אַ רייכער ביבליאָטעק און אויטענטישע אַרכיוו-מאַטעריאַלן אַ שטענדיקע אויסשטעלונג פון בילדער און אָביעקטן פון די בלוטיקע אָקופּאַציע-יאָרן אין פראַנקרייך און אין די לענדער, ווו די נאַציס האָבן דערגרייכט; דאָקומענטן פון אומקום און ווידערשטאַנד. דער מאָנומענט ווערט בסדר באַזוכט פון יידן און נישט-יידן, אויך פון טוריסטן, און גאַנץ באַזונדערס — פון דייטשער יוגנט, טוריסטן אין פראַנקרייך.



מאָנומענט
לזכר דעם
יידישן אָנטייל
אין אַנטי־
נאַציִשן
ווידערשטאַנד.

## פאַרבאַנד פון יידישע פרייוויליקע קעמפּערס

אויב דער מאָנומענט פון אומבאַקאַנטן יידישן מאַרטירער שפּי־גלט אָפּ דעם חורבן פון מערב־אייראָפּעישן יידנטום, איז די מצבה־מאָנומענט וואָס דער איינהייטלעכער פאַרבאַנד פון יידישע פרייווויליקע קעמפערס האָט אויפגעשטעלט אויפן בית־הקברות באַניע אין יאָר 1947, אויף דעם גרויסן מאַסן קבר פון יידישע קדושים, וואָס זענען געפאַלן אויף פאַרשידענע קאַמפס־פּלעצער — דער סימבאָל פון יידישן אַנטייל אין באַוואָפנטן קאַמף קעגן די נאַציס. דעם מאָנומענט, מיט זיין אייגנאַרטיקן אויסדרוק פון אַ יונגן, העל־דישן יידישן קעמפער, האָט פּראָיעקטירט און געשאַפן דער גרויסער סקולפּטאָר נאַטאַן ראַפּאַפּאָרט, דער שעפער פונעם באַרימטן וואַר־שעווער מאָנומענט צום אָנדענק פון געטאָ־אויפשטאַנד.

לכבוד דעם 25סטן עקזיסטענץ־יאָר פון פאַרבאַנד, איז אין 1971 דערשינען אַ בוך־אַלבאָם אין יידיש און פראַנצויזיש, מיט גביית־עדות אין שריפט און אין בילד, פון עטלעכע זעכציק גע־וועזענע קעמפערס. אויך דערציילונגען פון פראַנצויזישע קאָמאַנדי־רן, וואָס אונטער זייער באַפעל האָבן די יידישע פרייוויליקע גע־קעמפט אין דער אַרמיי, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק דער פּראָפּאָרציאָנעל גרויסער יידישער אַנטייל אין די מלחמה־אָפּעראַ־ציעס, און דער יידישער בייטראַג צום זיג איבער דעם בלוטיקן היטלעריזם.

נישטאָ קיין גענויער ציפער, וויפל פון די בערך 150,000 איינ־געוואַנדערטע יידן וואָס האָבן געלעבט אין פראַנקרייך, האָבן זיך אַנגאַזשירט אין די קאַמפן, גלייך אין די ערשטע מלחמה־חדשים; אַ טייל — אומגעקומען אין די לאַגערן פון די קריגס־געפאַנגענע. די גרעסטע צאָל איז דעפּאָרטירט געוואָרן אין די טויט־לאַגערן, נאָכן וואָפנשטילשטאַנד מיט דער ווישי־רעגירונג. אַנדערע זענען געפאַלן אין די קאַמפן, אין די רייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דער פאַרבאַנד פון די יידישע פרייוויליקע האָט זיין פּאָליטיש־סאָציאַלע טעטיקייט אָנגעהויבן אין די ערשטע חדשים, ווי נאָר

פאריז איז געוואָרן באפרייט. די ארבעט איז געפירט געוואָרן בשות-פות מיט די געוועזענע פרייוויליקע, אנטיילנעמערס אינעם קריג פון 1914—1918. די צוויי אָרגאניזאַציעס האָבן זיך פאראייניקט. די טעטיקייט איז באשטאנען אין אויספּועלן פאר די געוועזענע קעמ-פערס, רעכט צו פירן אַ זעלבשטענדיקע אונטערנעמונג פון האנדל אָדער מלאכה, רעכט אויף ארבעט (וואָס א סך איינגעוואנדערטע יידן פאר דער מלחמה האָבן דאָס נישט געהאַט) און אַ פּריווילעגירטע ווױן-רעכט קארטע אויף 10 יאָר. מער ווי 2000 געווו. פרייוויליקע האָבן באקומען פראנצויזישע בירגערשאפט. דער פארבאנד האָט געהאָלפן אויפשטעלן די רעכט צו באקומען שטיצע פאר די אלמנות און יתומים פון די געפאלענע. א דאנק דעם פארבאנד האָבן מער ווי 1,500 מענטשן באקומען דייטשע אנטשעדיקונג. דער געראנגל צו באקומען די אנטשעדיקונגען איז געווען א שווערער, ווייל דאָס דייטשע געזעץ האָט נישט גענומען אין אכט די קריגס-געפאנגענע. דער פארבאנד האָט אָבער זיך געשטיצט אויף דער ספּעציעלער דיסקרימינאציע פאר יידישע געפאנגענע אין די סטאלאגן.

דער פארבאנד האָט אויך אויפגעשטעלט אן אָפּרו-הויז אין שטעטל לעוואנס, 22 קילאָמעטער פון ניס. די פּענסיאָנערן געניסן דאָרט פונעם מילדן קלימאט און ריינע לופט פון די ארומיקע וועלדער, ווי אויך פונעם מיטללענדישן ים. דער חנוכת הבית איז פאָרגעקומען אין יאנואר 1965. אינעם הויז, אנערקענט פון דער מלוכהשער קראנקן-קאַסע, האָבן זיך שוין אָפּגערוט טויזנטער געוו. קעמפערס.

דער פארבאנד אנגאזשירט זיך פינאנסיעל ביים קויפן ביכער אויף דער טעמע פון יידישער מארטיראָלאָגיע און ווידערשטאנד. ער גיט ארויס א פעריאָדישע שריפט „אונדזער ווילן" און איז באטייליקט אין פארשידענע פּאָליטישע אקציעס און דעמאָנסטרא-ציעס קעגן אנטיסעמיטיזם. ער נעמט אן אקטיוון אנטייל אין די אקאדעמיעס צום יאָרטאָג פון ווארשעווער געטאָ-אויפשטאנד און אנדערע דעפּאָרטאציע-דאטעס פון דער יידישער באפעלקרונג, און גאָר באזונדער, אין דער אזכרה פון דער מאסיווער דעפּאָרטאציע פון די פאריזער יידן אין יולי 1943. מיט אַ באזונדערער פייערלעכ-

קייט באטייליקט זיך דער פאַרבאַנד ביים טריאומף-טויער, אינעם יאָרטאָג פון באפרייען פּאַריז פון דער דייטשער אָקופּאַציע, צוזאַ-מען מיט אַלע פראַנצויזישע קאַמבאַטאַנטן. אין דעם אַקט באַטייליקט זיך אויך דער פאָרשטייער פון דער ישראל-אַמבאַסאַדע און דער מיליטער-אָרקעסטער שפּילט, ביי דער געלעגנהייט, אויך דעם יש-ראל-הימן.

דער פאַרבאַנד האָט מיט ענטוזיאַזם באַגריסט די אנשטאַלטונג פון דער יידישער מדינה. אָבער, דאָס יובל-בוך פאַרשווייגט דעם שטרייט אין צענטראַל-קאָמיטעט, וואָס האָט דערפירט צו א שפּאַל-טונג, ווען דער דעמאָלטדיקער פּרעזידענט פון פאַרבאַנד, אָרפּוס, א ציוניסט, האָט פאָרגעשלאָגן, אַז דער פאַרבאַנד זאָל פּראָטעס-טירן קעגן דער אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע, געפירט בשעתו אין ראַטן-פאַרבאַנד קעגן די יידישע דאָקטוירים — „די מערדער אין ווייסע כאַלאַטן". און אין פּראָג, איז בעת דעם סלאַנסקי-פּראָצעס באַשולדיקט געוואָרן דער „דזשאָינט", די ציוניסטישע באַוועגונג און די ישראל-רעגירונג — אין שפּיאָנאַזש און אין פאַרבינדונגען מיטן אַמעריקאַנער אויסשפּיר-דינסט. דאַקעגן אין פּאַריז, איז די ווייסטע העץ-קאַמפּאַניע געפירט געוואָרן דורך דער פראַנצויזי-שער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דעם „אוניאָן" און „די נייע פּרעסע". ליידער, איז דער ווייט-גרעסטער טייל פון דער פאַרבאַנד-אָנפי-רערשאַפט געווען באַאיינפלוסט פון דער סאָוועטיש-קאָמוניסטישער גרויל-פּראָפּאַגאַנדע.

בעת דער זעקס-טאָגיקער מלחמה, האָט זיך דער נאַציאָנאַלער געוויסן ביים פאַרבאַנד אויפגעוועקט; ספּאָנטאַן איז געזאַמלט גע-וואָרן פאַר ישראל 11 מיליאָן אַלטע פראַנק. דאָס מאָל האָט דער פאַרבאַנד יאָ פּראָטעסטירט קעגן די אַנטיסעמיטישע פּאַמפלעטן אין ראַטן-פאַרבאַנד, קעגן קיטשקאָס ביכער און די אַנטי-יידישע קאַ-ריקאַטורן אין דער סאָוועטישער פּרעסע. דער פאַרבאַנד האָט פּראָ-טעסטירט קעגן דער אַנטיסעמיטישער כוואַליע אין פּוילן, וואָס האָט דערפירט צום גירוש פון עטלעכע טויזנט יידן, אין גרעסטן טייל — געוועזענע קעמפער קעגן בלוטיקן נאַציזם און לאַנגיאָריקע, טרייע קאָמוניסטן. דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין און די טיפע זאָרג פאַר

מדינת ישראל האָט אַלץ מער און מער באַהערשט די אָנפירערשאַפט, וואָס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין דער צוזאַמענאַרבעט מיטן קרן קיימת לישראל. אין די לעצטע יאָרן זענען געפלאַנצט געוואָרן פינף וועלדער צו 10,000 ביימער אין פאַרשידענע ערטער אין ישראל. דער פאַרבאַנד נעמט אַנטייל מיט דער סומע פון 40 טויזנט דאָלאַר צו העלפן פלאַסטערן דעם שאָסיי חרשום אין גליל. פאַרבינדונגען זענען אויך פאַראַן מיטן הויז פון די מלחמה-אינוואַלידן אין ישראל, דורך אויסטיילן יערלעכע סובסידיעס.

ס׳איז אַ פּאָזיטיווע עוואָלוציע אינעם נאַציאָנאַלן זין און באַטייט. אָבער דער דור מלחמה-וועטעראַנען קעגן נאַצי-דייטשלאַנד האָט שוין דערגרייכט אַ בכבודיקן עלטער. ליגט דעריבער אויף דעם פאַרבאַנד דער מאָראַלישער חוב באַצייטנס צו זאָרגן, אַז די אָנגעזאַמלטע גייסטיקע און מאַטעריעלע ווערטן, זאָלן אין דער צוקונפט געהערן צום יידישן נאַציאָנאַלן אייגנטום, צום כבוד פון די געפאַלענע קדושים און לזכר דעם געוו. פאָרזיצער און ערן-פאָרזיצער, די שעפער און בויער פון פאַרבאַנד — בערנאַרד פאָנס און יוסף פרידמאַן ז״ל.

## פאָלקס-קאָמיטעט פאַר דער אַקציע פון פאַרייניקטן אַפּעל

איינע פון די וויכטיקסטע קערפּערשאַפטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן נאָך דער זעקס-טאָגיקער קריג, איז דער פאַרייניקטער אַפּעל. ביז דער מלחמה, האָבן אין פראַנקרייך עקזיסטירט אינסטאַנצן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט זאַמלען געלד. איינער פון זיי, דער „פאָן סאָסיאַל״, האָט געזאַמלט געלט ביי יידן אין פראַנקרייך אויף די סאָציאַלע און קולטורעלע באַדערפענישן פון ישוב. די מנדבים זענען לרוב געווען די אויטאָכטאָנער פראַנצויזישע יידן.

אַ צווייטע קערפּערשאַפט איז געווען דער מגבית (קרן היסוד), וואָס האָט געזאַמלט געלט פאַר ישראל. אינעם מגבית האָבן טייל-ווייז מיטגעאַרבעט ציוניסטישע עסקנים, טעטיקע אין די פאָלקס-

אָרגאַניזיאַציעס. אָבער א סטאבילע, אָרגאניזירטע זאמלונג, דער עיקר — צווישן די לאנדסמאנשאפטן — האָט נישט עקזיסטירט.

אין יאָר 1964 האָט מען די יערלעכע אקציע פארן מגבית גע-פירט אין א קליינער צאָל לאנדסמאַנשאפטן.

נאָך דער זעקס-טאָגיקער מלחמה איז פארגעקומען א פארייני-קונג פוןביידע זאמל-פאנדן, לויטן מוסטער פון אמעריקאנער „יו-נייטעד דזשואיש אַפּיל״. די פארייניקונג איז געוואָרן אַ ברכה פאר ביידע פאנדן — נישט בלויז פונעם פינאנסיעלן שטאנדפונקט, נאָר אויך פון פּאָליטיש-נאַציאָנאלן שטאנדפונקט.

דער בודזשעט פון די פראנצויזיש-יידישע הצטרכותן („פּאָן סאָסיאַל״), געשאפן פון דער אלגעמיינער זאמלונג, ווערט געטיילט אויף אזא אופן:

סאָציאַלע אקציע (הילף פאר נויטבאדערפטיקע פאמיליעס, קינדער און יוגנט) 5%

| | |
|---|---|
| מעדיציניש-סאָציאלע אקציע | 1% |
| פאר עלטערע מענטשן | 5% |
| לטובת דער יידישער יוגנט | 2% |
| געמיינדע-צענטערן, קולטור-אקציע | 4% |
| העבערע יידישע בילדונג | 3,5% |
| יידישע שולן אין פראנקרייך | 5% |
| בוי-אינוועסטיציעס (געמיינדע-צענטערס, שולן א״א) | 2% |

דער „פּאָן סאָסיאַל״ האָט זיך אויף אָרגאַניזאַציאָנעל אי-בערגעבויט. אנשטאט נאָמינירטע עסקנים, ווערט די פירערשאפט אויסגעקליבן לויט מערהייט-וואלן, נישט קיין פּראָפּאָרציאָנעלע וואלן. צווישן די געוויילטע עסקנים טרעפן מיר: דוד ראָטשילד, טערזש קלארספעלד (בארימטער אדוואָקאט, באקאנט מיט זיין פרוי בעאטא ווי די אנטדעקערס פון קריגס-פארברעכער); אַ צווייטער עסקן אין דער לייטונג איז זשאַק אטאַלי, עקאָנאָמישער ראטגע-בער פון פראנסוא מיטעראן; דער גענ.-סעקרעטאר פון צערקל „בע-רנאר לאזאר״, פּראָפ׳ נאַקאַש אאנ״ד.

דער „פאָן סאָציאַל" פירט אויס די ראָל פון דער פרייוויליקער קהילה. דער ייד וואָס באשטייערט זיך נישט פארן „פארייניקטן אַפעל", שליסט זיך במילא אויס פונעם קהל, מיט זיינע טאָג-טע-גלעכע זאָרגן פארן יידישן ישוב. דער „פאָן סאָציאל" האָט אין די לעצטע יאָרן אויפגעבויט און רעמאָנטירט איבער 30 געמיינדע-צענטערס, אין וועלכע מ'האָט אויפגענומען נייע 2,000 שילערס אין יידישע שולן.

איינע פון די וויכטיקסטע באשלוסן פון דער פעדעראציע פון די יידישע געזעלשאפטן נאָך דער זעקס-טאָגיקער מלחמה, איז דאָס שאפן פון פאָלקס-קאָמיטעט, וואָס פירט אָן מיט דער געלט-זאמלונג ביי אַלע יידיש-ריידנדיקע פאָלקס-אָרגאַניזאציעס. אין די לעצטע יאָרן האָבן צום פאָלקס-קאָמיטעט זיך אָנגעשלאָסן די גע-זעלשאפטן, אָנגעהעריקע צום פארבאנד פון די יידישע געזעלשאפ-טן. פון די ערשטע טוערס וואָס פירן מיט דערפאָלג די פארצווייגטע טעטיקייט, זענען די ציוניסטישע עסקנים: יוסף זאָבערמאן, שמואל שפּיראָ אאנ"ד. זייער דערפארונג ציט זיך פון זייער טעטיקייט 28 אין מגבית. שמואל שפירא איז פון ביוראָ פון דער פעדעראציע פון יידישע געזעלשאפטן באשטימט געוואָרן צו אָרגאניזירן דעם פאָלקס-קאָמיטעט, וועמענס פאָרזיצער ער איז די גאַנצע צייט.

די זאמלונגען פארן פארייניקטן אפעל זענען געוואָרן א טאָג-טעגלעכע טעטיקייט פון די לאנדסמאנשאפטן. די צאָל שפענדערס און די געזאמלטע סומען שפיגלען אָפּ דעם נאציאָנאלן באוווּסטזיין פון די טוערס און מיטגלידער פון די געזעלשאפטן.

**די פאָלקס־אַקציע פונעם קאָמיטעט פון פאַרייניקטן אַפּעל איז פּאַריז**

| געזעלשאַפטן | מנדבים | געזאַמלט | יאָר |
|---|---|---|---|
| 80 | 3,500 | 818,450 פראַנק | 1968 |
| 90 | 2,399 | 1,007,884 | 1969 |
| 115 | 2,519 | 1,384,374 | 1970 |
| 111 | 3,056 | 1,431,025 | 1971 |
| 92 | 3,012 | 1,390,301 | 1972 |
| 135 | 8,290 | 6,262,094 | 1973 |
| 103 | 3,600 | 2,340,032 | 1974 |
| 105 | 4,201 | 2,408,396 | 1975 |
| 103 | 3,369 | 2,167,495 | 1976 |
| 98 | 3,219 | 2,077,375 | 1977 |
| 89 | 2,475 | 1,641,625 | 1978 |
| 86 | 2,594 | 1,710,000 | 1979 |
| 83 | 2,511 | 1,814,000 | 1980 |

די דאָזיקע „טרוקענע" ציפערן שפיגלען אָפּ א בילד, אז אפילו אונדזערע היימישע יידן, מיטגלידער אין די לאַנדסמאַנשאַפטן, דערצויגענע אין די הייליקע קהילות פון מזרח-אייראָפּע,ביישטייערן זיך תמיד, ווען דאָס פאָדערט דער יידישער און ישראלדי-קער אינטערעס.

אין 1973 זענען געווען 8290 מנדבים. בלויז איין יאָר שפּע-טער — 3.600. אוודאי קומט פאַר א נאַטירלעכע, ביאָלאָגישע פאַר-קלענערונג פון די מיטגלידער אין די לאַנדסמאַנשאַפטן, אָבער ס'איז נאָך דאָ א גרויס פעלד פון פּאָטענציעלע מנדבים. מען דאַרף נאָר מאכן די גרויסע אָנשטרענגונג.

דער רעזולטאַט פון דער אלגעמיינער אקציע פאַרן יאָר 1980, אויף אַ ישוב פון 650—700 טויזנט נפשות, כן ירבו! — איז געווען פאָלגנדער:

מנדבים — 24.000.
סומע — 66.125.000 פראַנק.
דערפון: פּאַריזער מנדבים — 10.500
סומע — 43.275.000 פראַנק
**שטעטלעך אַרום פּאַריז:**
מנדבים — 3.900.
סומע — 3.600.000 פראַנק.
**פראַנצויזישע פּראָווינץ:**
מנדבים — 9.600.
סומע — 19.250.000 פראַנק.

## די פּאַריזער יידישע שרייבער־משפּחה

טראָץ דער בסדרדיקער פארקלענערונג פון די אָפּנעמערס פון א יידיש בוך און טראָץ די געוואלדיקע שוועריקייטן ביים ארויס־געבן א בוך — דערשיינען איז פּאַריז יידישע ביכער, הגם דער שרייבער דארף פינאנסיעל אלץ אויסטראָגן אויף זיין אייגענעם חשבון. אין אויסנאַם־פאַלן שאפט זיך אַ געזעלשאפטלעכער קאָמיטעט, אָדער מען באקומט א סובווענץ פון פאָן־סאָסיאַל. חוץ צוויי בענדער „יידישע דיאלאָגן" פון אסיפות פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, צונויפגעשטעלט און רעדאגירט פון זשורנאליסט משה ליבני און צוויי אלמאנאכן פון יידישן שרייבער־פאראיין (ארויסגעבער און רעדאקטאָר פון די 8 נומערן פון דער קליינער ביבליאָטעק, משה וואלדמאן) און אויטאָביאגראפישע ביכער פון נישט פראָפעסיאָנעלע שרייבער, זענען פון צייט צו צייט דערשינען ביכער פון אנערקענטע יידישע שרייבער, ווי: פּראָפ׳ באָרוויטש, בורשטין־פּינער, דר. גריס, פּראָפ׳ גראָל, דאָמאנקעוויטש, פערל האלטער, משה וואלדמאן, אברהם ווייץ, טאָניע זיסמאן, מ. ליטווין, ל. לענעמאן, דוד מלכי, מענדל מאן, דר. סלאָוועס, דר. צינעמאן, דר. קורלאנד, רבקה קאָפּע, ו. קאָרנהענדלער, מנוחה ראם, ב. שלעווין, מ. שולשטיין, באָרווין־פּרענקעל, ק. בענעק, נפתלי זילבערבערג, דאָרע טייטלבוים, ב. קוטשער.

## דער קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור

די שאפונג פון קאָמיטעט פאר יידיש און יידישער קולטור, נאָך דער וועלט־קאָנפערענץ פאר יידיש און יידישער קולטור, פאָרגעקומען אין ירושלים אין יאָר 1976 — איז אין פּאַריז געווען אַ נויטווענדיקייט. פריער האָט יעדער אָרגאַניזאַציע געמאכט שבת פאר זיך, אָבער זייער טעטיקייט איז געווען באגרענעצט.

די דריי יאָר טעטיקייט פון קאָמיטעט פאר יידיש און יידישער קולטור אין פּאַריז אונטערן פּאָרזיץ פון דינאמישן קולטור־טוער ד״ר יצחק וואַרשאַווסקי, אין וועלכן ס׳זענען פארטרעטן אלע יידישעפערישע כוחות אין פּאַריז, האָט באוויזן די פּאָזיטיווע ראָל זיינע.

פיל גרויסע אימפּרעזעס זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער־פּאָלג. אין פאַרבינדונג מיט דער אקאַדעמישער וועלט, איז אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אַ וויסנשאַפטלעכער קאָלאָקוויום אין דער סאָרבאָן. ס׳איז באַנייט געוואָרן דער טעאַטער־קאָלעקטיוו, וואָס האָט שוין באַוויזן צו געבן מיט דערפאָלג א צאָל פאָרשטעלונגען אין פּאַריז און פּראָווינץ, ווי אויך אין שווייץ און בעלגיע. אין גיכן דערשיינט א פראַנצויזיש־יידישער ווערטערבוך, צוגעגרייט פון ד״ר נח גריס און פּראָפ׳ קערנער. מען סטימולירט צו שאַפן קורסן צו לערנען יידיש. מיט פיל כבוד האָט דער קאָמיטעט, צוזאַמען מיטן פּאַרלאַג־פּאָרשטייער און איבערזעצער אויף פראַנצויזיש, אויפגענומען אין דער „סאָרבאָן״ דעם נאָבעל־לאַורעאַט יצחק באַשעוויס־זינגער.

## מען זוכט דעם שורש

אָבער זאָגן, אז ס׳איז אַ רענעסאַנס פון יידיש, וועט עס זיין א גוזמא, ווייל דער עיקר אָפּנעמער פון די אַלע אימפּרעזן, זענען דערוויַיל — יידן פון עלטערן דור, מיט קליינע אויסנאַמען פון יונגע. מען דאַרף אָבער נישט אראָפּלאָזן די הענט, נאָר שטאַרקן דעם גלויבן. פּאַראַלעל מיט דער אומפאַרמיידלעכער שפּראַכלעכער אסי־מילאַציע, מערקט זיך אין די לעצטע יאָרן אַ פּראָצעס ביי דער יוגנט צו דערקענען זייער שורש, דעם פאָלקס־אָפּשטאַם; ווי אויך דערקענען די שפּראַך און קולטור פון זייערע עלטערן. ס׳זענען אנטשטאַנען קורסן צו דערלערנען יידיש אין עטלעכע אוניווערסי־טעטן, הגם ס׳זענען פאַראַן ווייניק האָפענונגען, אז פון זיי וועלן אויסוואַקסן מאַסן לייענערס פון יידישן בוך, שוין אָפּגערעדט וועגן נייע שאַפער אין יידיש. אָבער דער אינטערעס פאַר איבערזע־צונגען וואַקסט, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק בעת דער „וואָך פון יידישער קולטור״, אָרגאַניזירט דורכן פּאָמפּידו־צענטער. טוי־זנטער האָבן בייגעוווינט די לעקציעס און דיסקוסיעס וועגן יידי־שער מוזיק, געזאַנג, פילמען.

גרויס איז די צאָל אָפּנעמערס פון ביכער וועגן יידישע פּראָב־לעמען, אָבער אין פראַנצויזישער איבערזעצונג. דער „שפּיגל פון אַ פאָלק״, די אַנטאָלאָגיע צוזונויפגעשטעלט פון פראַנצויזישן פּאָעט

שאַרל דאָבזשינסקי, האָט געהאַט גרויס דערפּאָלג. דער גייסטיקער קריזיס פון דער שטודירנדיקער יוגנט, נאָך די שטורמישע געשעענישן אין מאַי 1968, האָט פיל פון דער יידישער יוגנט דערפירט צום איבערשאַצן די ווערטן. עס האָבן זיך באַוויזן צווישן זיי נייע פילאָזאָפן.

אין דעם בוך פון ב. שלעווין „וווהין גייסטו, דאַניעל?" פרעגט דער הויפּט-העלד, דאַניעל: „איז, הייסט עס, דער אינטערנאַציאָנאַליזם נישט מער ווי אַ פראַזע? די פראַזע: צווישן די באָלשעוויקעס זענען פאַראַן נאָר אינטערנאַציאָנאַליסטן, נישט קיין יידן, האָט די געשיכטע אויסגעלאַכט — דאָס האָט דאַניעל לגמרי נישט פאַרשטאַנען. ראָזאַ לוקסעמבורג און טראָצקי, ביידע פאַרלייקענער פון יעדן נאַציאָנאַלן סענטימענט, האָבן זיך אומגעקערט מיטן רוקן צום אייגענעם פאָלק. אַ ווירדיקער רעוואָלוציאָנער אַנטלויפט נישט פון נעם לאַגער פון די פאַרפאָלגטע — דאָס האָט זיך דאַניעל געכאַפּט". און שלעווין דערפירט זיין העלד צו די „שמאָלע סטעזשקעס" פון קיבוץ.

אַ גרויסער טייל פון אָט דער דענקענדיקער יוגנט, זוכט זייער יידישן שורש. זיי זענען דרייסט און רעוואָלוציאָנער אין זייערע זוכענישן, האָבן נישט אין באַצוג צו זייער יידישקייט קיין שום מינדערווערטיקייט-קאָמפּלעקס ווי ס'האָט געהאַט אַ גרויסער טייל יידישע קאָמוניסטן. דער פילם-סצענאַריסט ראָבערט באָבער פאָרט קיין ראַדאָם, די שטאָט פון זיינע עלטערן, און מאַכט אַ פילם וועגן די שפּורן פון זיין שטאָם. ער פילמירט אויך אין פּאַריז די מעדעם-ביבליאָטעק. דער שרייבער זשאָרזש פערעץ ווייסט, אַז עפּעס איז דאָ אין אים אַ מין יידישקייט, אָבער ער קאָן עס נישט באַשטימען. ער ווייסט, אַז זיין זיידע האָט געהאַט אַ הויז אין לובאַרטאָוו, לובלינער געגנט. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון עטלעכע צענדליק טראָצקיסטן, מאַאָיסטן, אַנאַרכיסטן — פאַרוואַקסענע יונגעלייט און מיידלעך אין הויזן, פאַרקאָפּטשעטע אין סיגאַרעטן-רויך, די פיס אונטער זיך, צווישן זיי — איינער פון די גדולים, זשיסמאַר, דיסקוטירט מען וועגן דעם מאַנוסקריפּט אין פראַנצויזישער איבערזעצונג פון מיין בוך וועגן די ליידן פון אַ קאָמוניסט אין ראַטן-פאַרבאַנד. זיי געפינען אין מיין בוך דעם שורש, דעם אָפּשטאַם,

און אפשר אויך — זייער יידישקייט. „נאַטרע זשווי וועריּ״, ווי זיי שרייבן אין אריינפיר, ווען זיי האָבן דאָס בוך ארויסגעגעבן. דעם זעלבן אויסדרוק פון זייער יידישקייט געפינען מיר אויך ביי דער היסטאָריקערין, פראָפעסאָרין פון אוניווערזיטעט אין נאַנט, רעגינע־ראַזשין ראַבין, די טאָכטער פון אקטיוון טוער ביי די פראַגרע־סיווע, שמואל אייזערשטיין ע״ה, אַ קאַלושינער ייד. מען געפינט עס אויך ביי אַן אייניקל פון אַ קאָנסקער ייד, הענרי ראַטשימאָוו. און דער סאַמע קעמפערישער, דער געוועזענער קאָמענדאַנט פון דער זעלבשוץ בעת די סטודענטן־אומרוען, פּיער גאָלדמאַן, שרייבט אַ בוך, זיצנדיק אין תפיסה, און טיטולירט עס „א ייד פון פוילן געבוירן אין פראַנקרייך״. נאָך זיין דערמאָרדונג, האָט דער „לע מאָנד״ פּארעפנטלעכט אַן אינטערוויו, וואָס איז פריער געמאַכט געוואָרן מיט אים. אויף דער פראַגע: „וואָס באַדייט הייַנט פאַר אים צו זיין א ייד?״ ענטפערט ער, אז ער קען זיך דאָס באמת נישט אויפקלערן. ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ ייד. ער האָט אויך שטענדיק געהאַלטן די יידישע מדינה פאַר אַן אומבאַשטרייט־באַרן פאַקט. ער האָט דערקלערט, אז ער וועט זיך קיינמאָל נישט אסימילירן, ווייל ער וויל נישט אנערקענען די זעבערקייט פון איין גייסטיקע וועלט איבער אַ צווייטער. אַ פאָלק — האָט ער געזאָגט — קען זיך נאָר פאַרטיידיקן, ווען עס געפינט זיך אין אַן אייגן לאַנד, און נישט ווי אַ מינדערהייט אין אַ פרעמד לאַנד.

מישעל דעברע, געוועזענער פרעמיער־מיניסטער פון פראַנק־רייך, וואָס זאָרגט דערפאַר, הלמאַי די פראַנצויזישע פרויען האָבן נישט גענוג קינדער, מוז אוודאי האָבן א סך גרימעניש, וואָס זיין זון פראַנסואַ, אַן אור־אייניקל פון אַ רב, נאָר א געבוירענער קאַ־טאָליק, האָט דערפילט אין זיך יידישע סענטימענטן, אָנגעהויבן זוכן זיין שורש און אָנגעשריבן א ראָמאַן וועגן די ליידן און פּיין צוליב אנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען פון יידן אין אמאָליקן על־זאַס־לאָטרינגען, פון וואַנען זיין משפחה שטאַמט. ער דערמאָנט די נישט־גענוגנדע סאָלידאַריטעט צו די עלזאַסער יידן מצד די יידן פון באָרדאָ און אַוויניאָן, וואָס זענען צו יענער צייט געווען טייל־ווייז אסימילירט. דער צעטל איז אַ לאַנגער פון יונגע מענטשן,

שפּראַכלעך פולשטענדיק אַסימילירט, אַ טייל שוין פון צווייטן און דריטן דור. זיי דערפילן זייער אנדערשקייט און זוכן אַ נייעם פּונק פון יידישקייט, א גייסטיקן אַנהאַלט-פּונקט.

די אַנטי-יידישע און אַנטי-ישראלדיקע פּראפּאגאנדע פון די רעכטע פּרוווט אָפּצולייקענען דעם מיליאָניקן אומקום פון יידישן פאָלק אין דער היטלער-תקופה. די אנטי-ישראלדיקע פּראָפּאגאנדע, געדעקט מיט אנטי-ציוניזם פון די קאָמוניסטן און אלערליי לינקיסטן, האָט אויך נישט ווינציק מיטגעווירקט צו אָט דער שטרעבונג ביי דער יוגנט. שווער צו זאָגן, ווי אַזוי דער פּראָצעס וועט זיך אנטוויקלען. צי איז עס בלויז א פאַרבייגייענדיקער, אינטעלעקטועלער שטראָם, אַ באַגלייט-דערשיינונג צו דער סעפּעראַטיסטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך פון די ברעטאָנער, קאָרסיקאָנער אאנ״ד.

דער אינטעלעקטואַל, פּראָפּ׳ מאַריענשטראַס, פּרוווט ענטפערן אויף די דערשיינונגען, מיט אויפלעבן די אלטע, בונדישע טעאָריע פון קולטור-אויטאָנאָמיע. ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך „זיין אַ פאָלק אין דער דיאספּאָראַ״ און אויך געשאַפן אַ צערקל אויפם נאָמען פון גאַסטאָן קרעמיע, באַזירט אויף נעגאַציע פון דער ראָל פון דער ציוניסטישער אידעע און פון דער ישראלדיקער שאפונג, געבויט מיט שווייס און בלוט פון חלוצים. אַ דאַנק אָט די חלוצים, איז דער פאָלקס-חלום פון צוויי טויזנט יאָר געוואָרן אַ רעאַלער פאַקט. די מדינה איז געוואָרן אַ רעטונג פאַר הונדערטער טויזנטער פון דער שארית הפליטה, נעמט אויף יידן פון די אַראַבישע לענדער, פּונקט ווי די יידן נאָכן גירוש פוילן און די יידן פון ראָטן-פאַרבאַנד.

## ישראל — דער הויפּט-צענטער

אַוודאי זענען די יידן אין ישראל, נאָך איבער 30 יאָר זעלבשטענדיקייט, נישט די מערהייט פון יידישן פאָלק (בסך-הכל אַ 20%), אָבער קוואליטאַטיוו איז ישראל דער הויפּט-צענטער פון יידישן פאָלק. אָן דער טעטיקייט פאַר ישראל, וואָלט דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין די תפוצות געווען אויסגעליידיקט פון אינהאַלט. דער קאַמף פאַר קולטור-אויטאָנאָמיע פון די ברעטאָנער און באַסקן

האָט אַ באַזע. זיי זענען קאָנצענטרירט אין באַזונדערע ראַיאָנען, האָבן זייער עקאָנאָמיע — דאָס וואָס ס'איז נישטאָ ביי יידן אין פראַנקרייך. אין מזרח-אייראָפּע, ווו ס'זענען געווען קאָנצענטרירט מיליאָנען יידן, האָבן זיי עקאָנאָמיש אויסגעפירט אַ באַזונדערע סאָציאַלע פונקציע. יידיש איז געווען די שפּראַך פון פאָלק און געווען אַ רעאַלע באַזע פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. אין צווישן-מלחמהדיקן פּוילן זענען דערשינען 44 יידישע טאָגצייטונגען און הונדערטער פּעריאָדישע אויסגאַבן. ווי עס שרייבט דער אמאָליקער פאָרזיצער פון ציש"אָ, צענטראַלע יידישע שול-אָרגאַניזאַציע, ח. ש. קאַזשדאַן, האָט מען די לעצטע יאָרן פאַרן קריג ווייטיקלעך איבערגעלעבט דעם דרוק פון דער פּוילישער שפּראַך און קולטור.

„אין אַ סאָציאַליסטיש פּוילן — ווי עס האָט זיך פאָרגעשטעלט דער בונדישער פירער וויקטאָר אַלטער, אין זיין בוך „צו דער יידן-פראַגע", דערשינען אין 1937 — וועט פאָרקומען אַן איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין נייע באַדינגונגען פוןווירטשאַפטלעכן, סאָציאַלן כאַראַקטער, וועט זיך במילא שטאַרקן די טענדענץ פון אַסימילאַציע. צי איז דאָס אָבער אַזאַ שרעקלעכער אומגליק, אַ נאַציאָנאַלע קללה, ווי דאָס שטעלן פאַר די נאַציאָנאַליסטן, און ספּעציעל די ציוניסטן? מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט ענטפערן מיר אויף דער דאָזיקער פראַגע: ניין! ס'איז נישט קיין אומגליק און נישט קיין קללה. אַ פרייע אַסימילאַציע דאַרף נישט געשטיצט ווערן און נישט באַקעמפט ווערן. זי איז פריי נאָר דאַן, ווען זי דרינגט אַרויס פון אייגענעם ווילן פון די פאַראינטערעסירטע. און אויב דאָס איז זייער ווילן, טאָ פאַר וואָס זאָל ער נישט האָבן די פולע מעגלעכקייט פאַרווירקלעכט צו ווערן? קומען די ציוניסטן און יאָמערן: אויב אַזוי, וועט דאָס יידנטום אינגאַנצן אונטערגיין; און דערצו טאָר נישט דערלאָזט ווערן. פאַר וואָס? ווו איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אַז די עקזיסטענץ פון דער אָדער יענער נאַציאָנאַלער גרופּע איז וויכטיקער, איידער די פרייהייט און דאָס גליק פון מענטשן, פון וועלכע די גרופּע באַשטייט? דער קיום פון יידנטום איז אַ פוסטע, נאַציאָנאַליסטישע פראַזע"...

אַזוי האָט וויקטאָר אַלטער לאָגיש פאָרויסגעזען, אַז ביי סאָציאַל-עקאָנאָמישע ענדערונגען פון דער מיליאָניקער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן, וועט די אַסימילאַציע זיין אומפאַרמיידלעך.

דערפאר איז טויזנט מאָל גערעכט געווען בער באָראָכאָוו, איז זיין קריטיק קעגן די יידישע פּאַרטייען וואָס אַרבעטן נישט פאַר ציון, אַז זיי דינען בלויז דער קעגנוואַרט, און נישט דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, די צוקונפט פון יידישן פאָלק. „דער יידישער פּראָ-לעטאַריאַט — האָט ער געשריבן — פאַרמאָגט נישט קיין אַנדער מיטל ווי צו דערגרייכן די טעריטאָריאַליזאַציע פאַר זיין סטראַטע-גישער באַזע און פאַר דער אויפריכטונג פון גאַנצן יידישן פאָלק".

אויך די יידישע טוער אין ראַטן-פאַרבאַנד האָבן דאָס פאַר-שטאַנען, אַז איינהאַלטן די יידישע קולטור קען מען בלויז, ווען עס וועט געלונגען טעריטאָריאַל צו קאָנצענטרירן כאָטש אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. מען האָט געחלומט פון קרים, בערסאָן. מ'האָט אָבער מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן עפנטלעך, מ'זאָל זיי נישט באַשולדיקן אין נאַציאָנאַליזם. דאָס זעלבע האָט אויך דערקלערט דער רוס קאַלינין, אַז מען דאַרף יידן קאָנצענטרירן אויף אַ באָדן, אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון געזערד אין יאָר 1926:

„פאַרן יידישן פאָלק שטייט די גרויסע אויפגאַבע איינצוהיטן זיין נאַציאָנאַליטעט. צוליב דעם דאַרף מען פאַרוואַנדלען אַ וויכ-טיקן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אַ פעסט באַזעצטער מאַסע". אין 1934, נאָך אַ באַזוך פון מאָסקווער אַרבעטער אין בי-ראָביזשאַן, דערקלערט קאַלינין: „דאָס שאַפן אַזאַ געגנט אין אונד-זערע באַדינגונגען, איז דער איינציקער מיטל פאַר אַ נאָרמאַלער מלוכהשער אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַליטעט — און ווען ס'איז טייער אַ יידישע נאַציאָנאַלע קולטור, וועט צולייגן אַ האַנט צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער געגנט. צום ביישפּיל, האָמעל, ווו 90 פּראָצענט ארבעטער זענען יידן. דאָס שאַפט נאָך אָבער נישט קיין באַזונדערע, שטאַנדהאַפטיקע נאַציאָנאַליטעט".

אָבער איינהאַלטן יידן אַלס פאָלק, איז געווען קעגן דער איינ-געשטעלטער טעאָריע אי פון די באָלשעוויקעס, אי פון די טעאָרע-טיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ווי קאַראַל קאַוטסקי, אָטאָ באַוער אאַנ"ד. אין דעם איצטיקן פעריאָד פון עקזיסטענץ פון דער יידישער מדינה, איז מער נישט רעאַל צו קומען אויפ-לעבן אָפּגעלעבטע טעאָריעס וועגן קולטור־אויטאָנאָמיע, ווי דאָס

ברענגט אַרויס פּראָפּ' מאַריענשטראַס. דאָס זענען אידייען, אָן שום דעקונג.

ריכטיק שרייבט יהודה קערש אין זיין בוך „דער וועג פון אַ פאָלק": „פאַר דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע פון די פאָלקיסטן און בונדיסטן, איז אין דער הײַנטיקער פרייער וועלט נישטאָ קיין אָרט. דער ליבעראַלער פּרינציפּ פון דערלויבן יעדן אויסצולעבן זיך לויט זיין שטייגער און אופן, האָט מבטל געווען די אָביעקטיווע באַדינגונגען צו רעאַליזירן אַזאַ אידעע". ס'איז אָבער פאַלש די מיינונג פון זעלבן מחבר, אַז „די טויזנטער שליחים מיט זייער באַציונג און מיט זייער אומוויסן פון די יידישע פּראָבלעמען, האָבן פאַרגיכערט די אַסימילאַציע".

שוין אַ 9—10 יאָר, ווי מיר קומט אויס, ווי אַ חבר פון די פריינד פון מפ"ם, צו זיין אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט שליחים פון קיבוץ אַרצי פון השומר הצעיר. מוז איך פעסטשטעלן, אַז ס'איז אַ בפירושער בלבול. די שליחים זענען קינדער, געבוירן און דערצויגן אין אַן אַסימילירטער סביבה אין פראַנקרייך, בעלגיע, שווייץ. זיי האָבן עולה געווען קיין ישראל, זענען אָנגעזאַפּט מיט יידישן וויסן, מיט ליבע צום פאָלק און צום לאַנד. זיי פירן אַ הייליקע ציוניסטישע אַרבעט — אין וואָרט און שריפט, אָרדענען איין רעפעראַטן, לעקציעס, עפנטלעכע דיסקוסיעס, אָרגאַניזירן מיטינגען און צוזאַמענטרעפן אויף אַקטועלע פּאָליטישע טעמעס, מיט זייער כּסדרדיקער זאָרג צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט אָנפירנדע סינדיקאַלע טוער — אינעם צענטראַלן מאַסשטאַב, מיט פאַרשידענע אינטעלעקטואַלן, באַטייליקן זיך אין פיל אַקטיוויטעטן, ווי אויך אין פאַרשידענע פּרעסע-קאָנפערענצן.

זיי באַזוכן יידישע קהילות אויף דער פראַנצויזישער פּראָווינץ; העלפן אָרגאַניזאַציאָנעל, מיט ראַט און טאַט. זיי זענען, פאַקטיש די פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנפירער פון צערקל בערנאַר לאַזאַר; ענלעך — ביים „משמר", שוין אָפּגערעדט פון השומר הצעיר, ווו ס'פאָדערט זיך אַ כסדרדיקע ציוניסטישע דערציונג-אַרבעט, וואָס וואָלט אָן די קיבוץ-שליחים נישט אויסגעקומען.

צום גליק, זענען די מערסטע שליחים אויך זשורנאַליסטן און

זיי שרייבן נישט נאָר אין דער ציוניסטישער פּרעסע, נאָר אויך אין דער פּראָנצויזישער. זיי זענען די נישט עטאַבלירטע אַמבאַסאַדאָרן פון מדינת ישראל. זיי טוען אַלץ, כדי זיך קעגנצושטעלן דער אַנטי-ישראל פּראָפּאַגאַנדע. ס'איז נישט אָפּצושאַצן די געוואַל-טיקע באַדייטונג פון די אַרטיקלען, וואָס האָבן פון צייט צו צייט זיך באַוויזן אין „לע מאָנד", ווו אונדזערע שליחים, ווי שמחה פלאַפּאַן, אלי בן-גל, אַריה שפיר, אַריה יערי, אברהם ראָזענקער, דב פּודער און אַנדערע, האָבן, אָויפקלערענדיק די ישראל-שטע-לונגען, געקעמפט מיט דער שעדלעכער אַנטי-ישראל פּראָפּאַגאַנדע.

די שליחים שטאַרקן דעם יידישן באַוווסטזיין ביים צווייטן און דריטן יידישן דור. אַ דאַנק זיי וואַקסט ביי די יונגע יידישע מענטשן אַ געפיל פון צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק און מדינת ישראל.

אָן די שליחים, וואָלט אינעם יידישן פראַנקרייך געווען אַ מד-בר, אינעם גייסטיקן, ווי אין ציוניסטישן זין.

## שטיין אויף דער וואָך

ביים היינטיקן אונטערוואַקסנדיקן דור, איז, ליידער, ווינציק אַנ-טוויקלט דער פריווויליקער, געזעלשאַפטלעכער מיליטאַנטיזם. דער-פאַר דאַרף מען געבן אַנערקענונג די קיבוץ-חברים, וואָס אַ טייל פון זייער אַרבעט גייט אויך אויף צו שטאַרקן דעם יידיש-ציוניס-טישן באַוווסטזיין אין די תפוצות. זיי פירן אויס אַ פּאָזיטיווע אַר-בעט, העלפן אויך שטאַרקן ציוניסטישע טעטיקייט אין יידיש. איך האָב זיך נישט אָנגעטראָפן אויף קיין פאַל פון נעגירן טעטיקייטן אין יידיש. אויך מפ"ם אין ישראל, וואָס האָט צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטן אָפּגעשטעלט די פּעריאָדישע אויסגאַבן אין אַנדערע שפּראַכן (רוסיש, פּויליש, אַ געוויסע צייט — אין רומעניש), האָט אָבער איבערגעלאָזט די צוויי-וואָכנשריפט אין יידיש — „ישראל-שטימע". די „פריינד פון מפ"ם", וואָס נעמען אַן אַקטיוו אַנטייל, לויט זייערע מעגלעכקייטן, אין קולטור-געזעלשאַפטלעכן לעבן, זע-נען אידעאָלאָגיש און פּראַקטיש געבונדן מיט די אַקטיוויטעטן פון

צערקל בערנאַר לאַזאַר; משמר, פרויען-גרופּע חביבה רייק און השומר הצעיר.

זאָל פאַר אַלע אַקטיוויסטן, פּשוטע יידן, וואָס העלפן פאַר-שפּרייטן אַ יידיש בוך, אַ צייטונג, זאַמלען פאַר ישראל און פאַר יידישע צוועקן אויפן אָרט — לויכטן דער געדאַנק פון חז״ל: ווע-מענס אַקטיוויטעט איז גרעסער ווי זיין חכמה, האָט די חכמה אַ קיום. וועמענס חכמה איז גרעסער ווי די אַקטיוויטעט, האָט די חכמה קיין קיום נישט. (דוד מלכי, „חכמי יבנה״).

און צום אויספיר: וואָס מער גלייכגילטיקייט און קאַלטקייט עס הערשט אין דער אַרומיקער סביבה, אַלץ מער איבערגעגעבנ-קייט דאַרפן מיר אַקטיוויסטן, צוטראָגן — און דאָס וועט זיין אונד-זער ביישטייער צו שטאַרקן דעם יידישן באַוווּסטזיין און סאָלידאַ-ריטעט, ווייל מיט דעם שטאַרקן מיר אויך מדינת ישראל.

זאָל אונדזער עלטער נישט פאַרשעמען די יוגנט-יאָרן...

# נאָכוואָרט פון מחבר

נאָך דעם אָפּלויף פון צען יאָר, זייט ס'האָט אָנגעהויבן צו זיין טעטיק — פּאָליטיש — די פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַני־זאַציע אין פּאַריז, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט יידן, באַווירקט יאָרן־לאַנג פון קאָמוניסטישן איינפלוס; נאָכן באַגלייטן אין דער אייביקער רו דעם זיבעטן חבר, וואָס האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אינעם אָנהייב פון דער אָרגאַניזאַציע — האָב איך איבערגעקוקט דעם פּראָטאָקאָלן־העפט, ווו ס'זענען אויף דער הייסער מינוט פאַרצייכנט געוואָרן די אינערלעכע שטרייטן און זוכענישן צו געפונען אן אידעאָלאָגישן אָנהאלט פאר דער געשא־פענער אָרגאַניזאַציע — טראַכט איך, אַז ס'איז צו באַוואונדערן אָט די פשוטע מענטשן, וואָס זענען אלע זייערע יאָרן דאָך געווען געוויינלעכע אויספּירער, ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט ש. פּייוועלע־וויטש ע"ה („שימעלע דער זייגערמאכער" ווי מ'האָט אים גערופן): „מיר זענען אלע געוויינלעכע ציגל־טרעגער". דרך אגב, איז ער געפאלן אויפן פּאָסטן ביים אָפּאָנירן אַ קאָמוניסטישן קאנדידאט אין זיין אראנדיסמאן, באַקומענדיק אַ האַרץ־אטאק און איז געשטאָרבן אויפן אָרט. דערמאָן איך אים מיט כבוד.

די דאָזיקע יידן האָבן אין זיך געטראָגן די גייסטיקע ירושה פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון מזרח־אייראָפּע. נישט געקוקט אויף זייער עלטער — אלע האָבן אריבערגעשפּאנט די ששים און אדורכגעלעבט די ביטערע אנטוישונג — זענען זיי דאָך גרייט געווען איבערצושאצן גייסטיקע ווערטן, זוכן אַ נייעם אָנהייב.

דעריבער בין איך געקומען צום אויספיר, אַז עס ליגט אויף מיר אַ חוב, לויט מיינע באַשרענקטע מעגלעכקייטן, צו געבן אַ תיקון אָט דעם לעצטן געראַנגל. זאָל מיין באשיידענע ארבעט זיין איינע פון די גביית־עדות פארן צוקונפטיקן פאָרשער, וואָס

וועט דערלערנען די טעטיקייט פון דעם לעצטן דור יידישע עמי־גראַנטן אין פּאַריז.

אַוודאי איז מיין אַרבעט אַ באַשרענקטע, זי נעמט נישט אַרום אַלזייטיק די גאַנצע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט פון יידישן ישוב אין פראַנקרייך, ווי אויך נישט די סטרוקטור פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, און גאָר באַזונדערס — אַלע אירע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. כ׳האָב אויך נישט דערמאָנט צענדליקער אָנפירנדיקע טוערס, וואָס האָבן נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה געענדערט זייער קאָמוניסטישע אָריענטאַציע און זיך אידענטיפיצירט מיט מדינת ישראל, ווי דאָס איז גאַנץ באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק ביי די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט יידישע פּאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. איך וויל אָבער מיט כבוד דערמאָנען צוויי פאַרשטאָרבענע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אין פאַרבאַנד פון די לאַנדסמאַנשאַפטן משפּיע געווען אויף דעם אידעאָלאָגישן פּראָצעס:

לייבל גאָרדאָן (טיגער), שפּאַנישער קעמפער און אָנפירנדיקער טוער אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך, וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין צוריק אויפבויען דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן נאָך דער באַפרייונג. ער האָט זיך דערנענטערט צום ציוניסטישן וועלט־באַנעם, ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין באַגריסונג צום סימפּאָזיום לכבוד דעם 35סטן יאָרטאָג פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, איינגעאָר־דנט פון פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן: „מיר דאַרפן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט באַקעמפן דעם פאַקט, וואָס אַ טייל אָדער אַ הייפל יידן דאָ און אַנדערשוווּ פאַרלייקענען זיך אַלס יידן. מיר זענען נישט געווען קיין ווידערשטענדלער פון יידישער אָפּ־שטאַמונג, נאָר יידישע קעמפער און געגעבן אַ העראָישן ביישפּיל אויף אַלע פראָנטן. מיט גרויס פרייד האָבן מיר אויפגענומען דעם באַשלוס פון פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַן אומאָפּהענגיקע יידישע מדינה. פאַר אונדז איז דאָס נישט געווען קיין אַקט פון רחמנות מצד אַ טייל וועלט־פּאָליטיקערס, נאָר אַן אויסדרוק פון אונדזערע **היסטאָרישע רעכט**, פאַר אונדזערע ליידן און פּיין“...

יידל קאָרמאַן, לאַנגיאָריקער אַרבעטער־טוער, אָנגעפירט מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער אָקופּירטער פראַנקרייך און אין די טויט־לאַגערן. מיטגעהאָלפן צוריק אויפבויען אין פּאַריז דאָס פּאָליטישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן נאָכן חורבן. אויף דער אייגענער הויט געפילט די אַנטיסעמיטישע וואַקכאַנאַליע אין „סאָציאַליסטישן" פּוילן און נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה זיך אומגעקערט קיין פראַנקרייך, צוזאַמען מיט זיין טרייער לעבנס־באַגלייטערין טעשקע פּאָרשטעטער. מיט דער גאַנצער ענערגיע און געזעלשאַפטלעכער אחריות האָבן זיי צוזאַמען מיט די לאַנגיאָריקע קאַמפּס־חברים, אָנפירער פון פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן (שיידענפיש, קאַראָל סימאָנע, אָפּאַטאָווסקי, סקורניק, וואָלמאַן אאנ"ד), אָנגעפירט מיט דער טאָג־טעגלעכער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין די לאַנדס־מאַנשאַפטן — לטובת מדינת ישראל, ווי לטובת דעם יידישן ישוב אין פראַנקרייך.

ווען דער שרייבער און זשורנאַליסט אנרי בולאַווקאָ, האָט זיך באַקענט מיטן כתב־יד, האָט ער מיר פאָרגעלייגט איך זאָל איינשליסן אין מיין ארבעט דעם פאַראלעלן פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אַ טייל פון דער יידיש־פראַנצויזישער אינטעליגענץ אין פראנקרייך, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק מיטן שאפן, עטלעכע יאָר פריער, דעם „צערקל בערנאר לאזאר" און די אין אים אָנגעשלאָסענע אָרגאניזאציעס, און גאַנץ באזונדערס — די יידיש־רעדנדיקע „פריינד פון מפ"ם".



איך דאנק מיינע פריינד און חברים, וואָס האָבן מיך דער־מוטיקט מיט אַ גוט וואָרט:

די יידישע שרייבערס און פען־מענטשן: בנימין שלעווין ז"ל, אנרי בולאווקאָ, מרדכי ליטווין, ד"ר דוד ספארד ז"ל, יחזקאל קאָרנהענדלער. דעם פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „ישראל־בוך", מיין גוטן חבר מיכאל לוי — און אחרון אחרון, מיין ליבן פריינד און חבר, דעם רעדאקטאָר פון מיין ארבעט, דוד שטאָקפיש.

## פון זעלבן מחבר:

**1. „...און מען האָט מיך רעהאַביליטירט"**

(איבערלעבונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט אין די סטאַלינישע תפיסות און שקלאַפן־לאַגערן).

איבערגעזעצט אויף עברית און פראַנצויזיש.

ביידע ביכער דערשינען אין פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב.

**2. „דער העראָישער יידישער פרייהייט־קעמפער, יוסף עפשטיין" (קאָלאָנעל זשיל).**

# פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"

## הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונגען

(2טע רשימה)

בער מאַרק / מגילת אוישוויץ, מיט דאָקומענטן געפונענע אין אוישוויץ

יעקב צבי שאַרגל / פון אָנהייב אָן, עסייען מיט פאַטאָס פון די „אָנהייב"לער

רחל אויערבאַך / ביים לעצטן וועג, אין געטאָ וואַרשע און אויף דער אַרישער זייַט.
וועגן רחל אויערבאַך — פּראָפ. דב סדן און ד"ר יוסף קערמיש

דוד האָפּשטיין / לידער און פּאָעמעס. צוויי בענד. צונויפגעשטעלט פון פייגע האָפּשטיין. צייכענונגען פון מאַרק שאַגאַל, הלל האָפּשטיין און ה. אינגער. פּאָרטרעטן געצייכנט פון ס. שור

מלכה חפץ־טוזמאַן / הייַנט איז אייביק, לידער

אריה שמרי / אויף גרינעם פּאַרמעט, לידער און פּאָעמעס

ישעיהו שפּיגל / צוויי דערציילונגען — שני סיפורים. תרגם: מרדכי אמיתי

ישעיהו שפּיגל / צווישן תּוו און אַלף, געקליבענע לידער

יוסי גמזו / לענדער פון דאָרשט, לידער
עסיי און איבערזעצונג: פּראָפ. לאָרענס (לייב) גרעצקי.
צייכענונגען — דער מחבר.

יהודה קערש / דער וועג פון אַ פאַלק

שמואל יוסף עגנון / צווישן אַלט און נייַ, אויסגעוויילטע דערציילונגען.
יידיש: חיים גורט.

יצחק בורשטיין־פינער / מיין מאַמע — סקיצן, דערציילונגען, נאָוועלן
מיט אַן אַריינפירוואָרט פון י. צ. שאַרגעל.

יעקב פרידמאַן / געזען אויף אַ ווייַל — פּראָזע

אַברהם סוצקעווער / דאָרטן ווו עס נעכטיקן די שטערן, דערציילונגען.
צייכענונגען: יאַני פּיַין

הירש אָשעראָוויטש / בלויע בומעראַנגען, לידער און פּאָעמעס

חיים זעלצער / שאָטנס אין מדבר, לידער און באַלאַדן

דב סדן / טויערן און טירן, עסייען און עטיודן

דאָרע טייטלבוים / ביים טויער פון מעת־לעתן, לידער

דוד ספארד / שפּאַצירן אין דער נאַכט, לידער

ישראל אייזענבערג / פאַרוואָס גראָד איך?

מ. אַליצקי / לידער פון פריער און פון איצט

משה שטאַרקמאַן / געקליבענע שריפטן, בוך 2, צוזאַמענגעשטעלט: י. צ. שאַרגעל

שלמה שנהוד / לידער פון הייליקן עפּלפעלד. צייכענונגען: פנחס שער

ישעיהו שפיגל / געשטאַלטן און פּראָפילן — עסייען. באַנד צוויי

חנה שליט / אין שטענדיקן צאַפּל, לידער

מנוחה ראַם / שטיינער, ה״י דערציילונגען

שרה שבת / פון היים צו היים, לידער

יעקב צבי שאַרגעל / קוואַלן אַרום געצעלט — צווישן שרייבער און ווערק. בוך צוויי.

יצחק יאַנאַסאָוויטש / אברהם סוצקעווער זײַן ליד און זײַן פּראָזע

יעקב י. מייטלים / פון ווײַטן אַמאָל ביזן היינט, פאָרשונגען און עסייען

הדסה רובין / אין צוגווינט, לידער.

הירש אָשעראָוויטש / ביים עץ הדעת, לידער.

עלי שעכטמאַן / רינגען אויף דער נשמה — ערשטער און צווייטער בוך

משה יונגמאַן / מיין טאַטנס פרנסות — ליד און באַלאַדע.